# אונזער ווארט

## זאמלהעפט

איןהאלט:


צום דריטן יארטאג פונם געטא-אויפשטאנד . י. ראפאפארט.

דער חשבון וואס דארף באצאלט ווערן . . . י. פיין.

דאס געטא האט געענטפערט דער וועלט . י. ראטענבערג.

איך קום צו דיר, א, געטאגראר (ליד) . יאסל מלאטעק.

אן ענטפער אויף יוליאן טובימס
„מיר, די פוילישע יידן“ . . . י. ריגער.

הער מיך אוים (ליד) . . . . . . . י. פיין.

אין קארגע ווערטער (נאטיצן) . . . . . נאבארי.

איר (ליד) . . . . . . . . . . י. פיין.



שאנכאי — — — — 1946

י. ראפאפארט

# צום דריטן יארטאג פון געטא-אויפשטאנד

דער דריטער יאָרטאָג... אייגענטלעך איז דאָס נאָר א געוואוינהייטס-אויסדרוק, ווייל מיר טרויערן נישט איינמאָל א יאָר, נאָר יעדן טאָג, יעדע שעה און יעדע מינוט, מיטן אויסנאם פון יענע מינוטן, שעהן און טעג, זוען מיר פארראטן צוליב מענטשלעכער שוואכקייט. און דאן ווערט אונזער תמיד שולד-געפיל פארשארפט ביז פיזישן ווייטאָק, ביז פסיכישער גלייכטקייט.

אונזער שולד-געפיל איז א טאָפלטער. פון איין זייט האָבן מיר תמיד אין אונזער פאָרשטעלונגס-קראפט דאָס בילד פון אונזער פאָלקס פיזישן און מאָראלישן מארטיריום, און מיר קאָנען זיך נישט שענקען, וואָס נישט נאָר מיר האָבן מיט זיי נישט מיטגעליטן אין פשוטן זין פון דאָזיקן וואָרט, נאָר וואָס מיר האָבן זיך אזוי איבערגענומען מיט גאָיאָס א פאטש אָדער פון א „סאָקראָ"-יידס כאמישקייט. אונזער שולד-געפיל לגבי די טויטע איז גרויס, פונקט ווי גרויס עס איז דער ריזיקער אונטערשייד צווישן א ו נ ז ע ר ע און ז י י ע ר ע ליידן. און פון דער צווייטער זייט פילן מיר זיך שולדיק לגבי אונזערע ברידער פארן באשענקען אונז מיטן שטאָלץ פונם געטאָ-אויפשטאנד. סארא אָנשפאר דאָס איז פאר אונז אין אונזער ווייטערדיקן שווערן נאציאָנאלן וועג!

אונזער שולד-געפיל לגבי די קדושים אונזערע איז א פיזישעם און א מאָראלישעם: זיי, וועלכע האָבן זיך געפונען אויג אויף אויג מיט דעגענעריטע ווילדע בעסטיעס אין א פארשיאסענער שטייג, האָבן נישט נאָר אויסגעטרונקען דעם גאנצן ביטערן כוס, וואָס איז באשטימט געווען אויך פאר אונז, נאָר זיי האָבן אונז נאָך געשאָנקען (כדי לייכטער צו מאכן אונזער געגנבעט לעבן!) א טייערן אוצר: מענטשלעכן און יידישן שטאָלץ.

און דאָס דאָזיקע טאָפלטע שולד-געפיל טאָר זיך נישט אויסדאמפן

אין פארלויף פון די יאָרן און פאַרוואַנדלט ווערן אין קאַלענדאַרישע טרויער־טעג; דאָס דאָזיקע שולד־געפיל, די דאָזיקע פאַרחובטקייט פאַר די געטאָ־קעמפער (און זיי זענען דער סימבאָל פון די 6 מיליאָן פאַרפייניקטע!) מוז רעאַל באַצאָלט ווערן. פונקט ווי זיי האָבן געגעבן אַ זין אונזער לעבן, אַזוי מוזן מיר געבן אַ זין זייער מאַרטירערישן און העלדישן טויט. אונזער לעבן דאַרף דינען בלויז איין ציל: נישט לאָזן אויסלעשן זיך דעם נר־תמיד פון דער יידישער נשמה, פון דער יידישער קולטור. צוויי זאַכן האָבן די געטאָ־העלדן געפאָדערט און דערוואַרט פון אונז, די פּיזיש געראַטעוועטע און מאָראַליש באַשאָנקענע דורך זייער גבורה: נקמה פאַר די ליידן פון זייער שטערבלעכן גוף און די פאַראייביקונג פון זייער לעבעדיקן גייסט...

יעדע איינער, וואָס כאַפּט דאָס אָפּגעראַטעוועט שטיקל לעבן און דעם ביסל אָפּגעראַטעוועטן יידיש־מענטשלעכן שטאָלץ און טראָגט עס אַוועק אין זיין פאַרזענלעכן ווינקעלע, ווי אַ הונט אַ געגנבעטן ביין פון אונטער דעם קצבס האַק, כדי עס צו פאַרצערן פאַר זיך, איז נישט נאָר אַ נעבעכדיק מענטשעלע און יידעלע, נאָר אויך אַ פאַררעטער לגבי יענע, וואָס יעדע מינוט דאַרף ביי אונז זיין יאָרצייט נאָך זיי, וואָס יעדן טאָג דאַרפן מיר דורכדאַווענען אין געמיט זייער מאַרטיריום און זייער העראָיזם, כדי זיך אָנצושעפּן מיט שנאה צום שמוציקן היטנע־פאָלק און מיט ווילן צו לעבן אַלס נאַציאָנאַלע יידן נישט געקוקט אויפן ווילדסטן פּרוו אין דער געשיכטע צו ברעכן דעמדאָזיקן ווילן.

* * *

מיט דריי יאָר צוריק איז געשען דאָס אומגלויבלעכע.

נאָך דריי יאָר ביישפּיללאָזע פּיזישע און מאָראַלישע טאָרטורן, נאָך דריי יאָר אָפּגיין מיט טייכן בלוט, איז דער שארית הפליטה פון פּוילישן יידנטום — אין וואַרשעווער, ווילנער, ביאַליסטאָקער און אַנדערע געטאָס — אַרויס אין קאַמף קעגן שונא.

אַלע פּאַרטיזאַנישע קעמפער קעגן היטלערן האָבן פון דער ברייטער וועלט באַקומען הילף אין געלט, געווער, שפּייז און מעדיקאַמענטן, — די פּאַרטיזאַנען פון דער געטאָ האָבן קיין הילף פון דרויסן נישט באַקומען.

אַלע פּאַרטיזאַנען קעגן היטלערן האָבן געהאַט שטיצע פון די היימישע וועלדער און פון דער היימישער באַפעלקערונג, — די יידישע פּאַרטיזאַנען זענען געווען פאַרשפּאַרט אין די ענגע גרעניצן פון די געטאָס און די מיטבירגער, די היימישע באַפעלקערונג האָבן זיי פאַרראַטן. אפילו דאָס ביסל

געווער, וואָס די געטאָ-פּאַרטיזאַנער האָבן באַוויזן צו באַקומען ביי די פּוילישע פּאַטריאָטן, האָבן זיי באַדאַרפט קויפן: דאָס געווער איז דאָך געשיקט געוואָרן פאַר דער פּוילישער הייב-אַרמיי, יידן קאָנען אומקומען אין טרעבלינקער קרעמאַטאָריומס, נישט אויסנוצנדיק דאָס טייערע געווער... און דאָך: די אויסגעבלוטיקטע, פאַרלאָזענע און פאַרראַטענע רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום האָבן ווי דורך א נס באַקומען כחות נישט נאָר צו שטאַרבן ווי לייבן, נאָר אויך צו פאַרשאַפן דעם שונא א מיליטערישע און מאָראַלישע מפּלה, וואָס ביים פאַרגלייכן די באַדינגונגען, אין וועלכע אַלע גרויסע שלאַכטן פון צווייטן וועלט קריג האָבן זיך אָפּגעשפּילט, קאָן מען אָן שום גוזמא די געטאָ-שלאַכט באַצייכענען אַלס געטאָגראַד.

דער שטאַלץ מיט דער דאָזיקער שלאַכט איז נישט אונזערער: מען האָט אים אונז איבערגעלאָזן בירושה, אָבער מיר דאַרפן אים נאָך פאַרדינען. מיר מוזן מיט אייגענע מעשים אויסקעמפן דאָס רעכט צו שטאָלצירן מיט דער שלאַכט פון דעם שארית הפליטה פון פּוילישן יידנטום. מיר מוזן אויסקעמפן די פאַרשטייענדיקע שווערע שלאַכט פאַרן גייסטיקן נאַציאָנאַלן קיום. די שלאַכט איז שווער, אָבער נאָר פּחדנים און פאַררעטער וועלן זיך אַרויסמאַכן פון איר. איז דען די דאָזיקע שלאַכט האָפנונגסלאָזער פאַר דער געטאָ-שלאַכט? און דאָך, הגם די געטאָ-קעמפער זענען כמעט אַלע געפאַלן, האָבן זיי דאָך אויסגעוואונען א נצחון פאַר אונז; זיי זענען אומגעקומען, אָבער פאַר אונז האָבן זיי געשאַפן מאָראַלישע לופט, אין וועלכער צו אָטעמען און צו לעבן. זאָלן מיר זייער לעצטע אָנשטרענגונג מאַכן צונישט?

ווי אויסזיכטלאָז אונזער קאַמף זאָל נישט אויסזען, האָט ער דאָך אַלץ מער שאַנסן אויף דערפאָלג ווי ז י י ע ר פאַרצווייפלטער קאַמף. און פּונקט ווי זיי האָבן נישט געפרעגט קיין קשיות, נאָר געפילט און דערפילט דעם מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן געבאָט פון דער שעה, זענען מיר אויך מחויב צו קעמפן ביז צולעצט, און פאַרפעסטיקן זיך אין אונזערע יידישע חורבות און אויסהאַלטן אין קאַמף ביזן שאַפן פאַר אונזערע קינדער דעם גרויסן מאָראַלישן און ע ר ד י ש ן קאַפּיטאַל, אויף וועלכן זיי זאָלן בויען א נייַ יידיש לעבן.

אין דער געטאָ-עפּאָפּייע איז דאָ נישט נאָר א גרויסער שטאָלץ, נאָר אויך א האָפנונג: אויב ז י י האָבן געקאָנט אָפּהאַלטן א נצחון (און אונזער געפיל זאָגט עדות דערויף!), טאָרן מיר אַוודאי נישט זאָגן קליינמוטיק: מיר גיבן זיך אונטער.

נאציאָנאלער שטאלץ גייט תמיד האנט ביי האנט מיט נאציאנאלער פליכט: דער שטאלץ מיט זיי אבות איז געבונדן מיט דער פליכט פאר די קינדער.

מיר שטאלצירן מיט די יידן, וואס זענען געגאנגען אין קאמף און אין טויט פאר דער תורה, פארן סאציאליזם, פאר א יידיש א״י, פאר א פריי־לאנד, פאר א פריי נאציאנאל לעבן, און מיר? מירן כאפן דעם שטאלץ און דעזערטירן?...

מעג די הארץ זיין פול מיט פארצווייפלונג, מעג דער מח זיין פול מיט ספקות, — צום קאמף פאר א יידיש לעבן!

אויב תורה־יידן, בונדיסטן און חלוצים האבן געפונען א געמיינזאמע שפראך פון קאמף קעגן די, וואס האבן זיי געשיקט קיין טרעבלינקע, מוזן מיר — די רעשטלעך פון יענע תורה־יידן, פון יענע בונדיסטן, פון יענע חלוצים פאר א יידיש לאנד, — געפינען א געמיינזאמע שפראך פון קאמף פאר א נאציאנאלן קיום קעגן די, וואס שיקן אונז אוועק אין דער אסימילאציע אריין.

יעדער ייד, וואס נוצט אויס דעם איצטיקן וואפנשטילשטאנד נישט אויף צו פארשטארקן די פאזיציעס, נאר אויף אריבערצולויפן צום שונא אדער אין א נייטראל לאנד, פארראט נישט נאר די אומגעבראכטע אין די גאז־קאמערן און אין די טארטור־לאגערן, נאר מארדעט שענדלעך נאכאמאל די קעמפער פון געטא.

די פייערונג פון דריטן יארטאג פונם געטא־אויפשטאנד האט א זין נאר דאן, ווען זי איז נישט בלויז א זכר לחורבן, נאר אויך א דערמאנונג צום נאציאנאלן אויפבוי.

קינדער, ברידער־שוועסטער, טאטעס, מאמעס, כלות, באבעס און זיידעס, אומגעקומענע מיט טויזנט מיתות־משונות! מיר שווערן ביי אייער הייליקן אנדענק, אז מיר וועלן נישט פארשעמען אייער טויט, ווי איר האט נישט פארשעמט אונזער לעבן.

מעגן מיר בלייבן ווי דער ביבלישער גדעון בלויז מיט א הייפל געטרייע, — מירן גיין אין שלאכט און אדער אין אייער נאמען זיגן, אדער אומקומען, פאראייניקט מיט אייך אין לעצטן באוואוסטזיין־שטראל.

י. פיין

# דער חשבון וואס דארף באצאלט ווערן

סאיז געווען אמאל א שטאט ווילנע. דארט האב איך געלעבט, געהאט א היים, חברים און פריינד. דארט האב איך זיך אויסגעלערנט לייענען, הערן דעם גערויש פון טונקעלע סאסנע-וועלדער, טרוימען און שטעלן פארערונגען דער מארנער דערשיינונג, וואס הייסט „לעבן".

אויף דער מאפע פון איראפע איז איצט נאך אויך דא א ווילנע, אין א צייטונג האב איך אפילו געפונען עטלעכע בילדער פון ווילנער גאסן. ווארשיינליך רוישן די וועלדער פונקט, ווי אמאל.

פאר מיר איז אבער די שטאט מער ניטא. איך האב דארטן ניט וועגן וואס צו טרוימען און די וועלדער קענען מיך בלויז שרעקן. א מענטש קען, ווייזט אויס, צוויי געאגראפיעס; איינע, וועלכע ער האט זיך אויסגעלערנט אין שול און זי טראגט ער אין זיין זכרון, די צווייטע, וועלכע ער האט איבערגעלעבט און זי טראגט ער אין זיין הארצן. אמאל איז ווילנע פון דער מאפע זיך צונויפגעפאלן מיט ווילנע פון מיין הארצן. היינט איז עס אבער ניט אזוי. דאס ווילנע פון מיין הארץ ליגט אין אש, טא וואזשע קען מיך אנגיין די צווייטע?

א סך דיכטער האבן געשריבן וועגן דער גרויסער לאסט פון לעבן. ווי גליקלעך זענען די יעניקע, וואס דאס לעבן איז פאר זיי געווען די שווערסטע לאסט. אונז האט דער גורל באשטימט פון שטענדיק אן אומצוקערן זיך מיטן געדאנק צו דעם, וואס געפינט זיך שוין פון יענער זייט לעבן; צום טויט. כמעט אלע אונזערע דיכטער האבן דאך געזונגען וועגן דער לאסט פון טראגן דורכן געוויינלעכן לעבן א ניט געוויינלעכן טויט.

אויך איצט, פון דער ווייטסטער פרעמד, וויל איך, א געשווינטער דורכן גורל נישט צוליב פארדינסטן, נאר צוליב א בלינד צופאל, צורירן זיך צו מיין אומגעקומענער שטאט, כדי שטעלן עטלעכע ציפערן צום חשבון, וואס מיר, לעבן געבליבענע, דארפן צאלן די טויטע.

הינטער ווילנע איז געווען אן ארט, וואו מיר, שול-קינדער, פלעגן מאכן אויספלוגן, דאס דאזיקע ארט האט געהייסן: פ א נ א ר, די ערד איז דארטן געווען א זאמדיקע און די דיקע סאסנע-בוימער שווער-קעפיקע און אלטע.

איצט ליגן דארט זעכציק טויזנט יידן. דארט ליגן פרויען און מענער, קינדער און זקנים, דארט ליגן ווילנער זינגער און הענדלער, ווילנער מארק-

יידענעם און לערערינס, ווילנער ארבעטער און האנטווערקער, דאָרט ליגן מענטשן ניכטערע און אייביק פארטרויםטע, זיי ליגן אויסגעמישט, פאַרבונדן דורך איין טויט און פארשאָטן מיט איינעם און דעם זעלבן זאמד.

ווארטן זיי, אז א פוס פון א פארוואָגלטן ייד זאָל צו זיי קומען? בענקען זיי נאָכן קלאנג פון א יידיש וואָרט? ניין. אין אנבליק פון זייערעליידן איז א פארשוועכונג די שענסטע רעטאָריק. נאָך וואָס איבערחזרן א מאָטיוו פון פאָלקס-לידער, וועלכע זיינען שיין, ווען עס זינגט זיי א לעבעדיק פאָלק, אבער וועלכע מוזן דערוועקן ווידערווילן, ווען מען פרוואווט זיי זינגען ביים מאסן-קבר פון א גאנצן שטאָב? ניין, טויטע בענקען נאָך גאָרניט, דאָס דאזיקע געפיל איז נאָר אייגן די לעבעדיקע. מאָ לאמיר זיך לאזן גיין ניט צו די טויטע, נאָר צו די לעבעדיקע א רגע פאָרן טויט.

אין ווילנע אויף ראסא האט זיך געפונען א גרויסער קאטוילישער בית-עולם. איך פלעג אפט מוזן פארביי אים דורכגיין. ניט געקוקט אויף דעם, וואס דער וועג איז געווען גוט באקאנט, האבן דאך די צלמים יעדעס מאל מיט א נייע פרישקייט אָנגעווייט אויף מיר טונקעלע געשיכטעס. פון זיי האט זיך געריסן צו מיר א נאקעטע מענער-געשטאלט און איך האב קיינמאל קלאר ניט געוואוסט צי זי מאנט מיין מיטגעפיל, צי זי מאנט מיין בלוט. אמאָל, אָוונט צייט, ווען א גלאָק פלעגט זיך צעקלינגען, פלעגט זיך מיר אויסדוכטן, אז די צלמים צערירן זיך און נעמען אויף מיר גיין. כ׳האָב מורא געהאט פאר זייער מארש און איך פלעג זיך ערשט בארואיקן, ווען ראָסא פלעגט ליגן וויט הינטער מיר.

ראָסא איז בעת דער ליקווידאציע פון ווילנער געטאָ געוואָרן דאָס אָרט, וואוהין מען האט צונויפגעטריבן די רעשטלעך פון די געבליבענע יידן כדי פאר זייערע אויגן אויפהענגען דריי יידישע פארטיזאנער. נאָכן דורכפירן די עקזעקוציע האָט זיך אָנגעהויבן די צעשיידונג פון די צושויער.

דייטשלאנד איז אין די רגעס פון איר גרעסטען קולטור-אויפשטייג קיינמאָל ניט דערגאנגען צו אזא מדרגה פון דערפינדערישקייט ביים שאפן ווערטן, ווי איצט ביים פאַרניכטן זיי.

פריער האָט מען די ווילנער יידן געצוואונגען דורכלעבן דעם טויט פון זייערע העלדן, געצוואונגען פארזוכן דעם פיין פון הילפסלאָזיקייט און דערנידעריקונג, דאן ערשט האָט מען געעפנט אן אלגעמיינעם פייער. די דייטשן האָבן דעם טויט געמאכט פאר א מאסן-ארטיקל און דאָך געוואָלט איינהאלטן

זיין טייערקייט, זיי האָבן אים אויסגעטיילט אויף ראטעס. די ליידן פון די פארפייניקטע האָבן געדארפט לאַנג דויערן, ווייל אויך די פרייד פון די מערדער האָט זיך געמוזט לאַנג ציען.

צווישן גרינע גראָזן און שווארצע צלמים זיינען געפאלן די רעשטלעך פון די ווילנער יידן און איינע פון זיי, אן אכציק-יאריקע פרוי, ארומגערינגלט מיט אירע יונגע חברטעס, ארומגערינגלט מיט פרויען פון געטאָ, ארומגערינגלט מיט יידישע מאמעס האט אנגעהויבן צו זינגען א קאמפס-ליד. מיט יאָרן צוריק האָט זי דאָס ליד געזונגען אויף באריקאדעס און אויף אומלעגאלע פארזאמלונגען, געזונגען אויף עמיגראציע אין אמעריקע, פראנקרייך און אין דער שווייץ, געזונגען ביים אויפשטייג פון דער ארבייטער-באוועגונג און בעת אירע מפלות, זי האָט דאָס ליד אויך געזונגען מיט א קלאָרער, שטילער שטים ביים קבר פון איר מאן, ארומגערינגלט מיט דער גרויסער מחנה פון זיינע שילער און פריינד, — איצט האָט זי עס געזונגען אין ווילנע אויפן אָפענעם קבר פון איר שטאם. האט דאָס געזאָלט באדייטן, אז ווער עס וועט לעבן בלייבן זאָל דאָס געזאנג איבערנעמען און ווייטערטראָגן, אָדער האָט עס געדארפט איינפאך פארשרייען די שטים פון שרעק? האָט עס געדארפט באדייטן, אז פאר די גלויביקע איז ניטאָ קיין אומקום אָדער האָט איינפאך דאָס בילד פון דער פאַרגאנגענהייט געדארפט פאַרשטעלן דעם שוידערלעכן היינט? ווער קען אויף דעם ענטפערן? איינע, וואָס איז פון יענעם פארניכטונגס-אָרט אנטרונען, דערציילט, אז די אלטע פרוי האָט איר נאָכגעשריגן: „גיי און נעם פאר אונז נקמה!“

„נקמה“ — דאָס איז געווען דאָס לעצטע וואָרט, וואָס איז דערגאנגען צו אונז. לאָמיר דאָס וואָרט טיף אין זיך אריינגעמען און זאָל עס אין אונז אויפגיין. זאָלן די שענדער מאכן בעלזנער פראָצעסן, אריינגעמען קלענערע נאצים אין ארבייטער-פארטייען, פאָדערן א גאנץ- ניט צעשניטן דייטשלאנד, זאָלן זיך לציס פארבן אמאָל אויף ברוין אמאָל אויף רויט, אלץ איינס אויף דער פאָרשטעלונג, וואָס זיי מאכן, האָבן מיר ביז איצט געהאט איין באשטימטע ראָל: צו זיין דער קרבן; מיט איין פארב זיינען מיר אויך געווען „גרימירט“- מיט דער פארב פון אונזער בלוט.

דערפאר איז אונזער ווילן, אז פון א ו נ ז ע ר ע רייען זאָל ארויסגיין דער גרויסער נקמה-נעמער.

פאר זיין זעלבסט-מארד האט ער געשריבן, אז דאס דייטשע פאלק וואלט געדארפט ברידערליך ארומנעמען די יידן. דער דאזיקער אויסגעפרואווטער פארברעכער האט געמיינט, אז פונקט, ווי מען קען מיט איין פעדער-שטריך פארוואנדלען יידן אין רעכטלאזע שקלאפן, קען מען מיט א צווייטן שטריך זיי ערקלערן פאר ברידער און זייער הארץ פארפילן מיט ברידער-לעכע געפילן. ניין, מיר ברידערן זיך ניט מיט קיין מערדער. די, וואס ציען זייער קיום פון דער טיף פון ווילנער, ווארשעווער, לאדזשער און ביאליסטאָ-קער געטאס, די, וואס האבן מיט זייער בלוט געצאלט אין אלע פרייהייטס-קאמפן, קענען נאר איין ברודערשאפט: די ברודערשאפט פון די פארפאלגטע און גערעכטע.

ווידער פארגיי איך צום ראמער בית-עולם און איך דערזע איינעם פון די דריי געהאנגענע. איך האב אים גוט געקענט. ער איז געווען א פאר-צערטלטער מענש, א פעאיקער, א באלעזענער און ווי א קעגנגעוויכט צו זיין פארצערטלטקייט, פול מיט טענות צו זיך. אים האט זיך אלץ לייכט געגעבן און דערפאר האט ער זיך כמעט אפגעוואוינט פון דער קלענסטער אנשטרענ-גונג. אפשר האט ער אמאל געטרוימט וועגן העלדן-מוט, אבער זיין איראניע האט ווי א דיקער שלייער די דאזיקע טרוימען אויסבאהאלטן. איך זע זיינע לעבעדיקע קלארע אויגן, זיין סקעפטישן שמייכל, זיין רעכטע פארקריפלטע האנט, זיין עלאסטישן טראט. איך הער זיין קלארן, טעמפעראמענטפולן, אבער אין א ברעקל פאטאס אופן פון ריידן. איז ער באשאפן געווארן צו זיין א מארטירער? דאס לעבן האט באוויזן, אז יא. א העלד איז, ווייזט אויס, ניט דער, וואס גיט זיך א ריס אין רגעם פון פארגעסונג צו דער גרויסער טאט, נאר דער, וואס קען מיט איר לעבן טאג-איין טאג-אויס וועגן אלץ גערענקנדיק. ער האט אלץ געדענקט און פאר אלץ און נטפער געזוכט. דערפאר האבן אים די דייטשן באלוינט מיט א באזונדערן טויט. ארום זיין האלז האבן זיי פארקניפט א שטריק. זיין בילד האט געדארפט זיין א שרעקנס-בילד פאר טויזנטער יידן, ווייל זיין לעבן איז געווען פאר זיי א דערמונטערונג.

די דייטשן האבן מיט א קאנסעקווענץ פון רעגענעראטן באמיט זיך אין די הערצער פון זייערע קרבנות פארלעשן יעדער גלויבן אין דער צוקונפט. זיי האבן געוואלט, אז פאר זייערע פים זאלן ליגן פארצווייפלטע.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? איך האָב פאַר דעם נאָר איין ענט־פער: די תלינים האָט געמאַטערט דער צווייפל. זיי האָבן געפילט, אַז די געפאַלענע האָבן מער צוקונפט, ווי זיי, די צייטווייליקע זיגער. זענען די דאָזיקע פאַרמעפילן געווען ריכטיק? יעדער, וואָס וויל גלויבן אין דער מענטש־הייט, מוז אויך אין דעם גלויבן. דער קאַמף איז נאָך אַלץ אין פולן גאַנג, ער איז נאָך ווייט פון דער אַנטשיידונג. די דריי ווילנער פּאַרטיזאַנער זענען געשטאָרבן, ווי גלויביקע, ווי קינדער פון דער צוקונפט. איינער פון זיי, וועמען איך האָב אַמבעסטן געקענט, דער שטילער סקעפּטיקער און שטענדי־קער צווייפלער, האָט אריבערגעשפּאַנט אַלע וואַקלענישן, כדי צו דערגיין אַ גאַנצער צום אָרט, וואו עס שטייען אונזערע פאָלקס-מאַרטירער. פון וועלכן קוואַל האָט ער געשעפּט זיין גלויבן, פון וואַנעט האָבן גענומען זייער גלויבן זיינע חברים פּאַרטיזאַנער, פרויען און קינדער? די וועלט האָט דאָך זיי פאַר־ראַטן! דער שונא האָט דאָך זיי געשענדעט! איז זייער גלויבן געווען בלויז אַ נאַרקאָטיק? האָט זיך מיין ניכטערער פריינט, דער געהאָנגענער העלד, אַליין פאַרשיכורט, כדי ניט צו פילן דעם פיין פון דער לעצטער פאַרצווייפלונג? איך מיין, אַז ניין. זיין און זייער גלויבן האָט זיך געשטיצט אויף דער איבערצייגונג, אַז פונקט ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט מען ניט געקענט אומברענגען זייערע זיידעס, פונקט אַזוי וועט מען היינט ניט קענען אומברענגען די אַלע, וואָס דאַרפן אויף דער וועלט ברענגען זייערע אייניקלעך. דער גלויבן איז דאָך פון שטענדיק אָן געבויט ניט אַזוי אויף לאָגיק, ווי אויף ווילנס-שטאַרקייט. און זייער ווילן פאַרן טויט איז געווען פונקט אַזוי שטאַרק ווי ביים לעבן. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז פון זייער אַש וועלן מיר זייער ווילן אויפהויבן, כדי ער זאָל אין אונזער הארצן אויפגיין.

די אכציק יאָריקע פרוי האָט גערופן צו נקמה, דער פּאַרטיזאַנער האָט רואיק געשמייכלט גלויבנדיק, אַז נאָך אים וועלן קומען מענטשן ענלעכע צו אים.

רעדן דען ניט די צוויי פאַר מיליאָנען?

טראָגן נקמה און בויען דאָס פאָלק, דאָס איז דער חשבון, וואָס מיר דאַרפן דעקן.

מיך האָט אַמאָל אַ באַקאַנטער געפרעגט: קען דען נקמה ווערן אַ בויענדע קראַפט אין לעבן פון אַ פאָלק? די פראַגע האָט פאַר מיר אויב־טערליש געקלונגען. קיינער איז ניט אומשטאַנד עפּעס ווערטפולעס צו

באשאפן אן דער אכטונג צו זיך אליין. קען דען האבן אכטונג צו זיך א מענטש מיט א קראנק געוויסן? יעדער, וואס וועט ניט הערן דעם רוף פון דער אכציק יאריקער פרוי, דעם רוף פון אונזערע עלטערן, דעם רוף פון פארשניטענע שטעט און שטעטלעך, מוז באגיין א גוואלד-טאט איבער זיך אליין. וואסושע איז די וואג פון מענטשן, וועלכע פארלייקענען זיך? וואס קען שאפן דער, וואס ליגט אין זיין ווערק אריין ניט קיין אייגענעם טרוים, נאר אן אויסגעבארגטן?

מיט עטלעכע טעג צוריק איז א יונגער ייד באגאנגען זעלבסטמארד נאכן באקומען א בריוו, אז זיינע עלטערן זענען אין דייטשלאנד פארברענט געווארן.

איך וויים, אים האט פארפייניקט דאס געוויסן. און ער האט דאס געוויסן אומגעבראכט צוזאמען מיטן קערפער.

אבער צו מאכן אונז דען די טויטע פארוואורפן פאר אונזער לעבן? אונזער לעבן איז דאך געווען זייער האפענונג!

א גרויסער חשבון דארף באצאלט ווערן דורך אונז. אין אים איז דא צעשטערונג און אויפבוי, ליבע און האס. אין נאמען פון דער ליבע טאר ניט פארגעסן ווערן דער האס, אין נאמען פון האס טאר ניט פארשוועכט ווערן די ליבע.

---

י. ראטענבערג

# דאס געטא האט געענטפערט דער וועלט

(צום דריטן יארטאג)

דריי יאר זענען שוין פארביי זינט דעם העלדישן געטא-אויפשטאנד, אבער דער היסטארישער עכא פון אויפשטאנד האט נישט אויפגעהערט און וועט נישט אויפהערן צו מאנען ביי דער וועלט איר נישט-דערפילטן חוב און דערמאנען איר היסטארישע שולד.

וואס מער מיר לייענען און פארטיפן זיך אין די דאקומענטן פון יענער צייט, אין די בארימטע באריכטן פון דער אונטערערדישער באוועגונג, אלץ גרעסער ווערט אונזער יראת-הכבוד און באוואונדערונג פארן ביי-

שפּיללאָזן הערויִזם פון די געטאָ-קעמפער און אַלץ שאַרפער און פאַרביטער-טער אונזער עמפּערונג לגבי דער וועלט.

„הונגער, נאַקעטע טויטע קערפּערס, דאָס קרעכצן פון שטאַרבנדיקע קינדער, דאָס אַלץ — דערציילט אַן עד-ראיה — האָט געשאַפן דעם הינטערגרונט פון יאָמער-טאָל, וואָס האָט געהייסן וואַרשעווער געטאָ".

דער בלוטיקער, אומברחמנותדיקער שונא האָט אָנגעוואַנדן די ראַפי-נירטסטע מיטלען, ער האָט אויסגעפירט די שרעקלעכסטע פּייניקונגען און עקזעקוציעס, כדי איינצוברעכן די יידישע באַפעלקערונג פיזיש און גייסטיק און צו פאַרוואַנדלען זיי אין אַ מחנה שקלאַפן. דאָס האָט אָבער אַלץ נישט געשטילט זיין גיפטיקע שנאה, זיין אומדערזעטלעכע בלוטדורשטיקייט, האָט ער אָנגעהויבן די מאַסן-אויסראָטונג, די שוידערלעכע שחיטות פון מיליאָנען אין די טרעבלינקעס און מאַידאַנעקס.

דאָס אונטערערדישע געטאָ האָט דאַן אַפּעלירט צו דער וועלט: „דאַ-מעוועט, כל-זמן עס איז נאָך נישט צו שפּעט, — און די וועלט האָט גע-שוויגן. שפּעטער: „ראַטעוועט אַ טייל פון יידישן פאָלק, וואָס איז נאָך געבליבן", און די וועלט האָט ווייטער געשוויגן, און עס איז געקומען צו דער שווייגנדיקער וועלט דער שאַרפסטער און ביטערסטער ווייגעשריי:

„פאַרוואָס לאָזט אונז די וועלט שטאַרבן? האָבן מיר נישט בייגעשטייערט אונזער חלק צו דער מענטשלעכער קולטור? אַרבעטן מיר נישט, קעמפן נישט, בלוטיקן נישט?" און נאָך וואָכן פון שווערסטע פּייניקונגען און ליידן ביי דער פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט פון דער נישט יידישער וועלט זענען די געטאָ-מאַרטירער אַליין אַרויס אין דעם נישט גלייכן קאַמף מיטן מעכטיקן שונא, מיטן נאַציזם, קעגן וועלכן עס האָט געקעמפט אַ גאַנצע וועלט.

אן אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ האָט ערב דעם געטאָ-אויפשטאַנד געזאָגט:

„מיר אָרגאַניזירן אַ פאַרטיידיקונג פון געטאָ נישט דערפאַר, וויל מיר גלויבן, אַז מען קען זיך באַשיצן, נאָר זאָל די וועלט זען די האָפנונגס-לאָזיקייט פון אונזער קאַמף, ווי אַ דעמאָנסטראַציע און באַשולדיקונג".

צי איז די געוואַגטקייט און מוטיקייט פונם געטאָ-אויפשטאַנד בלויז געווען אַ באַשולדיקונג קעגן דער וועלט?

אמת, טיף און באַרעכטיקט איז געווען די פאַרביטערונג קעגן דער

וועלט, אָבער נישט דאָס אַליין האָט סטימולירט צום ראַזיקן האָפנונגסלאָזן קאַמף.

אין אַן אויפרוף, וואָס די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אַרויס־געלאָזט צו דער פוילישער באַפעלקערונג דעם 5־טן טאָג פון קאַמף זאָגט זיך: „...דאָס איז אַ קאַמף פאַר אונזער און אייער פרייהייט, פאַר אונזער און אייער מענטשלעכן, געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן כבוד.

„מיר ווילן נקמה נעמען פאַר די פאַרברעכנס פון אָשוויענטשים, טרעב־לינקע, בעלז און מאַידאַנעק“.

די וועלט האָט געשוויגן, נישט געוואָלט אַפילו ראַטעווען די ווייניק לעבנגעבליבענע, נישט געוואָלט נקמה נעמען פאַ די טראַגיש־אומגעקומענע: זענען געקומען די געטאָ־העלדן און אויסגעפירט איינס פון די גרעסטע העלדישקייטן אין דער יידישער געשיכטע. מיט זייער בייִשפּיללאָזן העראָיזם האָבן זיי נישט נאָר אויפגעשטעלט דעם גרעסטן לייכטנדיקן מאָנומענט פאַרן אומגעקומענעם פוילישן יידנטום, זיי האָבן אויך דערהויבן דעם כבוד פון יידישן פאָלק לדור דורות.

און דאָס איז אויך געווען דער ווירדיקסטער ענטפער דער שווייגנדיקער וועלט, וועלכע, פירנדיק אַ קריג קעגן זעלביקן בלוטיקן שונא אונטער די לאָזונגען פון פרייהייט פאַר אַלע פעלקער, האָט זי גלייכצייטיק מיט פאַר־לייגטע הענט געלאָזט פאַרניכטן דאָס גאַנצע אייראָפּעישע יידנטום.

אין אַ צווייטן אויפרוף פון דער יידישער קאַמפּסאָרגאַניזאַציע לייענען מיר:

„אונזערע פאַרבינדעטע מוזן ענדלעך פאַרשטיין, אַז אין אומגעהייערע היסטאָרישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וועט פאַלן אויף די, וואָס בלייבן פּאַסיוו אין אַנבליק פון דעם שרעקלעכסטן נאַצי־פאַרברעכן, וואָס ווערט באַגאַנגען לגבי אַ גאַנץ פאָלק, צוזעענדיק זיין טראַגישן עפּילאָג“.

אויך דער אַפּעל, וועלכער איז געקומען פון דער הייסער געדיכטעניש פון בלוטיקן קאַמף, ווען דאָס געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען, קנוילנדיקע רויך־וואָלקנס האָבן זיך געריסן איבער די פון באָמבעס אויפגעריסענע הייזער, ווען פון אומעטום — פון די אַעראָפּלאַנען אין דער הויך און פון די טאַנקס אויף דער ערד האָט געשפּיגן מיט בליי און פייער, — אויך דער אַפּעל איז געבליבן אַ קול קורא במדבר.

אט דאָס דאזיקע כסדרדיקע שווייגן פון דער וועלט, וואָס וועט בלייבן איך חרפה לדור־דורות, האָט אָבער נישט אנטמוטיקט די געטא־קעמפער. „פאַלן מיט כבוד“ — איז געווען די לאָזונג פון די העלדישע קעמפער. „מיר וועלן אַלע אין דעם דאָזיקן קאַמף אומקומען, אָבער מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן.“

פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזא מוט און העלדישקייט אין אַ האָפענונגסלאָזן קאַמף? פון וואַנעט האָט זיך גענומען אזא שטאַרקייט פון גייסט, אזא נשמה־דערהויבנקייט?

אין באַריכט פון אונטערערדישן „בונד“ אין פוילן פון 22־טן יוני 1943 ד. ה. א חודש נאכן אויפשטאנד, זאגט זיך: „...מען וואלט באגאנגען א שווערע עוולה און געמאכט א פעלער, ווען מען וואלט אפגעשאצט, אז דער דאזיקער העראָיזם און אנטשלאסנקייט זענען געווען א פועל־יוצא פון פארצווייפלונג. נישט איינער פון די קעמפנדע האָט געהאט א מעגלעכקייט ארויסצובאקומען זיך פון געטאָ און אַוועקצוגיין פון קאַמף, ער האָט עס אָבער נישט געטאָן, ווייל ער איז געטריבן געוואָרן דורך אַ שטאַרקן ווילן צו דערפילן די אויפגאבע וואָס פליסט ארויס פון דער עטישער דערהויבנקייט, פון דראנג צו נעמען נקמה אין שונא, קעמפן פארן כבוד, קעמפן מיטן פאשיזם, מיטן שונא פון דער מענטשהייט, מיטן שונא פון אייגענעם פאָלק“.

און אט דער דאָזיקער שטאַרקער ווילן צו דערפילן די אויפגאבן, וואָס פליסן ארויס פון דער עטישער דערהויבנקייט, האָט זיך אויסגעשמידט אין דער געזעלשאפטלעך - שעפערישער אטמאָספערע פון פוילישן יידנטום.

---

יאָסל מלאָטעק

## איך קום צו דיר, א, געטאגראַד

(פראַגמענט)

געטאָגראַד, אָ, געטאָגראַד,
ווי קען איך צו דיר גרייכן?
ווי קום איך אין מיין נע־ונד
צו דיינע אָדלער־הייכן ? . . .

ווי קען איך כאטש געפינען ס׳ווארט,
כ׳זאל קענען דיך באזינגען:
אז ס׳וועט דיין רום פון דור צו דור
ווי א דערמאנונג קלינגען,

און וועט ווי א צעוויגטער גלאק
דער וועלט קיין רו ניט געבן, — — — —
— — — — — — — — —
איצט כ׳קום צו דיר געבייגט דעם קאפּ
און בעט זאלסט מיר פארגעבן.

איך קום צו דיר פון האלבער וועלט,
צוריק, צו שמאלער מילע...
און כ׳פאל צו דיינע שטיינער, וועגט —
און בעט ביי דיר מחילה...

ווייל כ׳בין אוועק אין פרעמדער וועלט
מיין אייגן גוף צו רעטן,
געלעבט פאר אויסגעבעטלט געלט,
גערוט אין פרעמדע בעטן,

און ווי א פעדלער מיט זיין זאק
געשלעפּט זיך מיט מיין טרויער,
ווייל ס׳האט די וועלט פאר מיר פארהאקט
ווי א בעל-גוף דעם טויער...

איצט כ׳האס די וועלט און זיך אליין
און כ׳האס די לידער מיינע,
ווייל זיי האבן אין שעה פון פיין
געהיילט די וואונדן מיינע...
— — — — — — — —

איך קום צו דיר, אָ, געטאגראד,
און בעט ביי דיר מחילה...
פארגיב דיין זון דעם נע ונד,
דיין זון פון שמאלער מילע...

י. ריגער

# אן ענטפער אויף יוליאן טובימס „מיר, די פוילישע יידן"

(צום דריטן יאָרטאָג פונם געטאָ-אויפשטאַנד)

גרויסער פוילישער דיכטער, יוליאַן טובים.

איך האָב געלייענט אייער מאַניפעסט — „מיר, די פוילישע יידן", — עטלעכע מאָל און אייערע ווערטער האָבן נישט געפונען קיין צוטריט צו מיין הארץ. פאַרוואָס? ווייל איך ווילט זיך מיט אונז פאַראייניקן נאָר ביים „מזכיר - נשמות - זיין", אָבער לעבן ווילט איר מיט אנדערע. איך ווילט פאַרוואַנדלען די גרעסטע מאַרטיראָלאָגיע אין אונזער מאַרטיראָלאָגישער געשיכטע אין א מצבה, אין א מאָנומענט פאַר די קומענדיקע פרעמדע דורות, בעת מיר ווילן זי פאַרוואַנדלען אין א רינג פון אונזער לעבעדיקער געשיכטע. איר ווילט אויף אונזער גרעסטן קבר, אויף די סימבאָלישע חורבות פון וואַרשעווער געטאָ (וואָס זענען א נייער כתל מערבי, ביי וועלכן א פאָלק וועט אויסוויינען זיין צער און צאָרן, זיין ווייטיק און זיין ליבע אין משך פון יאָרטויזנטער), אָנצינדן א נר-תמיד אלס דערינערונג וועגן אויסגעשאָכטענעם פאָלק („כדי עס זאָל פאַר די קומענדיקע דורות בלייבן אייביק פריש און לעבעדיק דער אָנדענק וועגן דעם אויסגעשאָכטענעם פאָלק און ווי אַ צייכן, אַז פריש און לעבעדיק איז אונזער ווייטיק נאָך אים"), און מיר ווילן ווייטער ציען די לעבעדיקע געשיכטע פון די פאַר-פייניקטע. די אידיליע, וואָס איר מאָלט אויס אונז צו טרייסטן („און קריסטן וועלן זיך איבערצייַלעמען..."), איז פאַר אונז קיין טרייסט נישט, — מיר טרוימען וועגן לעבעדיקע יידישע דורות, וואָס וועלן טראָגן אין זיך דעם לעבעדיקן המשך פון די, וועלכע מען האָט געוואָלט פאַרניכטן מיטן וואָרצל. מיט איין וואָרט, אייער מאַניפעסט האָט מיך געלאָזן קאַלט דערפאַר, ווייל איך קומט אונז בלויז מנחם אבל זיין, אָבער נישט צו בלייבן מיט אונז; איך קומט מיט אונז מיטליידן אויף אונזער בית-עולם, אָבער איך ווילט מיט אונז נישט מיטבויען אונזער לעבן.

איך לייען אייערע פאַטעטישע זאַצן: „אַזאַ מבול פון מאַרטירערישן בלוט איז נאָך נישט געווען זינט די וועלט איז אַ וועלט און דאָס בלוט...

פליסט מיט די ברייטסטע און טיפסטע שטראָמען. זיינע שוואַרץ געוואָרענע פלוטן גיסן זיך צונויף אין אַ שטורמישן, שוימיקן טייך — און אין אַט דעם ירדן נעם איך אָן די טבילה איבער די טבילות: די בלוטיקע, הייסע, מאַרטירערישע ברודערשאַפט מיט די יידן. נעמט מיך אַריין, ברידער, אין דעם ערנהאַפטן שותפות פון דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט. צו אַט דער קהלה, צו אָט דעם טעמפל וויל איך פון היינט אָן געהערן".

טובים, אויב איך וואָלט געהערן צו אונז בלויז סימבאָליש, אַלס מיטגליד פון אָרדען „ייד דאַלאָרים קאַוזאַ", איז פאַר אונז נישט נויטיק די גאַנצע מעלאָדראַמאַטישע אינסצעניזאַציע מיט דער „טבילה איבער טבילות", מיטן געהערן צו „אַט דער קהלה" (פון אויסגעשאָכטענעם פאָלק), צו „אַט דעם טעמפל" פון טויט, — אונזער צער איז צו גרויס מען זאָל אונז קאָנען פאַרשפּילן מיט מליצות אָדער מיטן מער ווי צווייפלהאַפטן טרוים פון אַזאַ צוקונפטיקן פוילן, אין וועלכן דער מגן-דוד פון די געטאָ-אַרעם-בענדער „וועט זיך פאַרוואַנדלען אין דער העכסטער אויסצייכענונג, וואָס וועט געגעבן ווערן די העלדישע פוילישע זעלנער און אָפיצירן, זיי וועלן זי מיט שטאָלץ טראָגן אויף דער ברוסט לעבן דעם אַמאָליקן „ווירטוטי מיליטאַרי", אָדער מיטן טרוים וועגן אַ „געטאָ-מעדאַל — אַ טיף סימבאָלישער נאָמען".

איך רעד שוין נישט וועגן דעם, וואָס אַפילו פאַר אַ נאַאיוון דיכטער (און איר, טובים, געהערט נישט צו די נאַאיווע דיכטער) איז נישט פּאַסיק אַזוי צו טרוימען: אַפילו אַ טרוים טאָר נישט זיין אַזוי לעבנספרעמד, ווי אייערער; אָבער ווען מען האָט שוין אַפילו נישט מורא פאַר לעכערלעך זיין, טאָר מען נישט טרוימען אַזוי, ווי איר טוט דאָס, פון יראת הכבוד וועגן: דאָס בלוט פון די קרבנות איז נאָך נישט פאַרטריקנט געוואָרן, זייערע זיפצן פילן נאָך אויס די גאַנצע ערד און אַלע הימלען און מיליאָנען יידישע הערצער בלוטיקן נאָך אויף דער וואָר און אין די חלומות, און איר פאַרוואַנדלט זיי שוין אין פרעמדע סימבאָלן, אין ביליקע מעדאַלן אויף פרעמד-שטאָלצע מיליטערישע ברוסטן? און איר, אַ דיכטער, פילט גאָר נישט, אַז איר פאַרשוועכט דערמיט נישט נאָר דעם הייליקן מגן-דוד פון געטאָ, נאָר אַפילו אייער צווייפלהאַפטן טרוים פון אַזאַ פוילן?

חיינט די פּערספּעקטיוו פון דעם, אַז קריסטן (מאַראַ כבוד פאַר אונז, זשידליאַקעס!) וועלן פאַרבייגיין דעם מאָנומענט, וואָס פוילן וועט אויפשטעלן

אויף די הייליקע געטא־חורבות, און װעלן זיך איבערצײלעמען! אונזערע טײכן בלוט, װאָס פליסן זײט צװײ טויזנט יאָר, זענען פאַרגאָסן געװאָרן דירעקט אָדער אומדירעקט אין צײכן פון קרײץ: די שנאה צו אונז האָט פאַרפלאַנצט (און האַלט נאָך אונטער!) דער קרײץ! אנשטאט צו פאַרזײען ליבע, האָט ער געזײט שנאה. און אויף די חורבות פון געטאָ,—װאו די זעקס מיליאָן געקרײציקטע פאַר זײער ײדישקײט האָבן נישט באַגעגנט אין דער גרעסטער פײן קײן ליבע־בליקן און קײן ליבע־הילף מצד די אנהענגער פון דער ליבע־רעליגיע,—מאַלט איר זיך אויס אז אידיליע, װי מען צײלמט זיך איבער צו אונזער כבוד, צום כבוד פונם אויסגעשאָכטענעם, פאַרראַטענעם פאָלק?! איך האָב אײך קײנמאָל נישט חושד געװען, אַז איר זענט אַ ײד, אָבער אַז איר זענט אזױ פרעמד, האָב איך זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן. פאַראַן זאַכן, װאָס מען קאָן זײ נישט פאַר־אײניקן, בפרט אין אַ דיכטערישן טרוים. קאָנט איר, אלס פוילישער דיכטער, טרוימען מיט ענטוזיאַזם, װי מען שענקט אַ פוילישן זעלנער אַ סװואָראָװו־אָרדען? אָן אָרדען פון יעקאַטערינאַ די גרויסע? װי אַזױ־זשע קאָן אַ דיכטער, װאָס װיל געהערן צו אונזער מארטירער־קהלה, חלומען מיט באַפרידיקונג, װאָס דער זעקס מיליאָניקער בית־עולם, געשפּענסטיש פאַרפלאַנצט מיט דער אַקטיװער און פּאַסיװער ברכה פון דער קריסטלעכער װעלט, װעט באַערט װערן דורך צײלעמען זיך? אַפילו די װײניק אָפּגעראַטעװעטע קינדער װיל דאָך דער קרײץ צורויבן בײ אונז!

אַפילו דאָס, װאָס איר װילט טאָן פאַר אונז (באַערן אונז אין אונזער טויט), טוט איר אויך אויף אַ פרעמדן, נישט ײדישן אופן; אָבער װען דאָס באַערן אונזער טויט װאָלט דורך אײך געמאַכט געװאָרן סובטעלער, װאָלט דאָס פאַר אונז אויך נישט געװען גענוג, װײל מיר װילן נאָך לעבן, און מיר נעמען אַרײן אין אונזער קהלה נאָר די, װעלכע זענען גרײט נישט נאָר צו באַזאָרגן אונזערע טויטע מיט מאָנומענטן פאַר פרעמדע, נאָר אויך צו באַזאָרגן אונזערע לעבנגעבליבענע מיט אַ מעגלעכקײט צו לעבן פאַר זיך.

און דאָס װילט איר אונז נישט געבן. אין לעבן געהערט איר און איר װילט געהערן צו אַנדערע. איר גיט אָן פאַר דעם אַ גענוגנדיקן גרונט: „איך בין אַ פּאָלאַק — צוליב עפּעס אַ געפילס־פאַראורטײל“. איך האָב נישט צו אײך קײן טענה, אָבער מיר דאַרפן האָבן אין אונזער קהלה מיטגלידער, װעלכע זענען ײדן לכל הפחות אויך צוליב אַ געפילס־פאָראורטײל, אויב שוין נישט צוליב װאָגיקערע מאָטיװן (װעלכע זענען שטענדיק געװען, און

איצט זענען זיי נאָך שטאַרקער ווי תמיד). באַגראָבן אונזערע טויטע, באַוויינען זיי און באַערן זיי קאָנען מיר אליין, אַפילו ווען זיי זענען אַזוי פיל, ווי דאָס מאָל; דערויף דאַרפן מיר נישט האָבן קיין שותפים (אַפילו ערנהאַפטע). מיר זענען גרייט צוצונעמען אַלס ברידער אַפילו פון לאַנג אַוועקגעגאַנגענע, אויב זיי קומען צו אונז נישט ווי קריסטן, ד. ה. מיט דערקלערן זיך אין ליבע, נאָר ווי יידן, פאַר וועלכע די מאָס פון צוגעהעריקייט איז נישט דאָס פּרובטלאָזע זאָגן, נאָר די פּרובטבריענגנדיקע טאַט. מיר קענען אַריינגעמען אין אונזער חרובן פאָלק אַזעלכע, וועלכע ווילן שאַפן פאַר אים אַ גייסטיקע און מאַטעריעלע מעגלעכקייט צו לעבן. ווילט איר דאָס, טובים, וועלן מיר אייך צונעמען מיט ברייט צעעפנטע אָרעמס. מיר וועלן אייך אַפילו נישט פרעגן: פאַרוואָס איז נישט גענוג געווען פאַר אייך אויף צוריקצוקומען דאָס בלוט פון צוואַנציק יאָר פשיטיקס, — פאַרוואָס האָט איר רווקא געמוזט האָבן דעם בלוט-ים פון אייראָפּע 1940 - 1945. מיר וועלן אייך די דאָזיקע פראַגע נישט שטעלן, ווייל אַ פאָלק איז ווי גאָט: ער איז תמיד גרייט אויפצונעמען עכטע בעלי-תשובה. אָבער מיט איין באַדינג: איר זאָלט אונז שענקען נישט נאָר אייער טרער פאַר די טויטע, נאָר אויך אייער האַרץ און מח פאַר די לעבעדיקע.

אָבער איר טראַכט נישט וועגן דעם. אַנשטאַט צו דערשפירן אַן אמת'ן, טיפן, טיף-מענטשלעכן און טיף-דיכטעריש'ן פאַרלאַנג זיך אומצוקערן צום איינציקן פאָלק, וואָס האָט אין משך פון הונדערט דורות פאַרמענטשלעכט דאָס האַרץ פון דער צווייפיסיקער חיה, וואָס טראָגט מיט אומרעכט דעם נאָמען מענטש, זיך אומצוקערן צום פאָלק פון אייערע אבות (ווי דאָס האָט געטאָן אַ ש. אַנ-קי, אַ משה העם), פאַרנעמט איר זיך מיט ספקדיקער מליצה, וואָס קאָן נישט קומען פון האַרצן, ווייל זי האָט קיין זין נישט. איך האָב אייך שוין פריער פאַרגעהאַלטן אייערע פלאַכע און עקדדיקע טרוימען וועגן געטא-מגן-דוד, פאַרוואַנדלט אין אַ מיליטערישן מעדאַל,—אָבער איך געפין אין אייער מאַניפעסט נאָך מער עקדדיקע רייד.

אדרבא, הערט, וואָס איר רעדט אין אייער אפגעריסנקייט פון אייער שטאַם, וועלכן איר ווילט מנחם אָבל זיין. „מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן מיר דער מענטשהייט געגעבן איין איינציקן, דורך דער רוימישער אימפּעריע אומשולדיק-דערמאָרדעטן מענטשן-זון — און עס איז גענוג

געווען דער דאזיקער איינציקער טויט, עס זאל אנטשטיין א רעליגיע. טא וואס פאר א רעליגיע וועט שוין אויסוואקסן פון די מיליאנען טויטן, טאר־טורן, דערנידערונגען און אין לעצטער פארצווייפלונג צעקרייציקטע ארימס?".

עס פאסט נישט פאר אזא ניכטערן דיכטער, וואס שטאמט פון יידן, צו פלאפלען אזעלכע שטותים ביי אזא געלעגנהייט.

צי האט איר נישט באמערקט בעתן שרייבן די הויבנגעבראכטע ציטאט, אז עס פעלן אין איר ווערטער? ווען איר זאגט: „און עס איז גענוג געווען דער דאזיקער איינציקער טויט, אז עס זאל אנטשטיין א רעליגיע" פעלט דער סוף: „וואס האט אומגעבראכט אומצייליקע מיליאנען יידן". ערשט נאכן צווייטן פעלנדיקן סוף, וועט אייער ווייטערדיקער זאץ באקומען דעם דערגאנצנדיקן, אויסקויפנדיקן טאן פון סארקאזם: „טא וואס פאר א רע־ליגיע וועט שוין אויסוואקסן פון די מיליאנען טויטן"...

מיר זעען שוין די רעליגיע, וואס עס וואקסט אויס פון די מיליאנען טויטע — די רעליגיע פון א צווייטן קריסטוס מיטן נאמען היטלער: אין ענגלאנד, אין בערגען־בעלזען, אין אומצייליקע ערטער זעען מיר דאס. דער קריסטלעכער מולך האט זיך נאך מיט די זעקס מיליאן קרבנות נישט אנ־געזעטיקט, פונקט ווי די זעקס מיליאן קרבנות האבן נאך נישט געבראכן אונזער פארלאנג צו לעבן. אדרבא, ער איז געוואקסן, ווייל נאך קיינמאל האבן מיר אזוי בולט נישט געשפירט, ווי איינציק אונזער פאלק איז אויף דער וועלט, ווי אומפארבייטבאר ער איז. יעדעס צווייטע יידישע הארץ האט געוויטאקט ווען יאפאן האט באמבארדירט טשאפעי, ווען היטלער האט צעשטערט לודיצע, ווען מוסאליני האט פארגאזט אביסיניע. וויפל הערצער ביי די קריסטלעכע פעלקער האבן געוויטיקט ביי טרעבלינקע און ווארשע, ביי מאידאנעק און ביאליסטאק? וויפל? דאס קאן מען זען ביי די פראצעסן אין דייטשלאנד, ביי דער באהאנדלונג פו די ס. ס. ...

ניין, טובים: מיר קאנעו אייך אין אונזער קהלה נישט אריינעמען. און ווען איר וואלט געלייענט דער בריוו פון אונזער יידישן היסטאריקער עמנואל רינגעלבלום, געשריבן צו דער יידישער וועלט פון חרובן ווארשעווער געטא, פנים אל פנים מיטן זיכערן טויט, וואלט איר אליין דערפילט, אז מיר קאנען אייך נישט אויפנעמען.

אט וואס עמנואל רינגעלבלום שרייבט:

„מיר שרייבן צו אייך אין א מאָמענט, ווען 95 פּראָצענט פּוילישע יידן זענען שוין אומגעקומען אין מוראדיקע פּייניקונגען אין די גאז-קאמערן פון די פארניכטונגס-ערטער אין טרעבלינקע, סאביבור, כעלמנאָ, אשפּיצין אָדער זענען אויסגעהרגעט געוואָרן בשעת די „ליקווידיר-אקציעס" אין א צאָל אויף דעם שטח פון די געטאָס און לאגערן. דער גורל פון דעם קליינעם טייל יידן, וואָס וועגעטירן נאָך און מאטערן זיך אין דער קנאפּער צאָל קאָנצענטראציע-לאַגערן, איז אויך באשטימט פון פאראויס. עס וועט אפשר בלייבן ביים לעבן א קליין הייפל יידן, וואָס פירן אן אומלעגאל לעבן אין די „ארישע שטאט טיילן" אונטער דער שטענדיקער שרעק פון טויט, אָדער וואָס וואנדרעווען ווי געיאָגטע חיות איבער די וועלדער. צי עס וועט איבערדזיערן די מלחמה ווער עס איז פון אונז, כלל-טוערס, וואָס מיר ארבעטן אין באדינגונגען פון טאפּלטער קאָנספּיראציע, זענען מיר אין ספק. מיר ווילן אייך דעריבער אויף דעם וועג דערציילן אין קורצע ווערטער וועגן די ארבעטן, וואָס בינדן אונז מיט אייך צום מערסטן".

איך זעט, טובים, ווי פשוט רינגעלבלום דערציילט וועגן אומקום פון די פּוילישע יידן? פונוואַנעט האָט ער גענומען די איבערמענטשלעכע קראפט צו באנוצן אזא עפּיש-רואיקן טאָן אין אזא לאגע?

אין זיין גלויבן אינם לעבן פון פאָלק! 95 פּראָצענט פון די פּוילישע יידן אומגעקומען, די לעצטע 5 פּראָצענט זענען זיכערע קאנדידאטן פאר טויט, און ער האָט געדולד מיט פּשוטע ווערטער צו דערציילן וועגן די ארבעטן, וואָס בינדן אים מיטן כלל יידן אין אנדערע טיילן פון דער וועלט.

און דאָן קומט א באריכט וועגן דער הילף-און קולטור-ארבעט אין געטאָ, וועגן זאמלען און אפּהיטן אן ארכיוו פאר דער צוקונפט. און דאן ווערט דער בריוו פון גהינם ארויס פארענדיקט:

„אָט דאָס איז אלץ, וואָס מיר האָבן אייך געוואָלט זאָגן, טייערע פריינט. נישט קיין סך פון אונז זענען געבליבן ביים לעבן... א צעטל פון דעם אויסגעהרגעטן קולטור-אקטיוו ליגן מיר בײ.

„צי מיר וועלן נאָך האָבן א געלעגנהייט זיך צו זען מיט אייך, זענען מיר אין ספק. גיט איבער אונזערע הייסע גרוסן אלע יידישע קולטור-טוער, שרייבערס, זשורנאליסטן, מוזיקער, פּלאסטיקער, אלע בויער פון דער

באַדערנער יידישער קולטור און קעמפערס פאַר נאַציאָנאַלער און אַלגעמיין - מענטשלעכער אויסלייזונג".

און דעם מגן - דוד פון דאָזיקן מענטשן, פון אַזוי פיל אַזעלכע פון דער וועלט פאַרלאָזענע געטאָ - קעמפער, ווילט איר, דער דיכטער, פאַרוואַנד-לען אין אַ מעראַל אויף אַ מיליטערישער ברוסט, אין אַ מאָנומענט, אויף וועלכן מען וועט אונז טאָן אַ טובה און זיך איבערציילעמען? דער דאָזיקער הייליקער בריוו איז אַ שטילער אָבער אַ מעכטיקער באַפעל צו לעבן טויזנט יאָר, צו פאַרוואַנדלען דעם געטאָ - מגן - דוד אין אַ אָרדען פון בזיערס פון יידישן לעבן, פאַר וועלכע די רינגעלבלומס האָבן געזאַמלט מאַ-טעריאַל שטייענדיק אין דער ריי צום קרעמאַטאָריום אין טרעבלינקע. נאָר אַלס בזיער פון אונזער לעבן, וואָס זאָל נישט אָפּנאַרן רינגעלבלומס גלויבן, קאָנען מיר אייך אויפנעמען אין אונזער מיט. נאָר דער לעבעדיקער גלויבן פון די רינגעלבלומס איז אונז וויכטיק, דער גלויבן, וואָס האָט אויסגעהאַלטן דעם גרעסטן נסיון אין דער געשיכטע, אָבער נישט דער פּוסט - מליצהדיקער גלויבן אייערער אין אַ רעליגיע, וואָס וועט אויפבליען אויף אונזער גרעסטן בית - עולם פאַר די 3000 יאָר פון אונזער קולטור - געשיכטע. געוויסיק דאַרפן מיר געבן דער וועלט נאָך אַ רעליגיע, וועלכע זי זאָל פאַרקריפּלען...

ניין, לויט דער יעוואַנגעליע פון די רינגעלבלומס, וועלכע איז פ אַ ר א ו נ ז פ אַ ר פ ל י כ ט נ ד י ק , קאָנען מיר אייך נישט אויפנעמען „אינם ערנהאַפטן שותפות פון דעם אומשולדיק - פאַרגאָסן בלוט" (פאַר-גאָסן בשותפות מיט די, צו וועלכע איר געהערט צוליב אייער געפילס - פאַראורטייל), ווייל פאַר אונזער רעליגיע, פון וועלכער רינגעלבלומס גלויבן איז נאָר אַ נייער שפּראָץ, געגערט פון זעלבן אַלטן זאַפט, איז נישט גענוג קיין טבילה (אפילו אין אַ ים פון בלוט), — זי פאָדערט נאָך אַ לעבן פון טאַט, ווייל זי איז אַ תורת חיים, אַ תורה פון לעבן און פון הייליקן דאָס לעבן.

און דערצו זענט איר נישט גרייט.

ס׳איז גענוג צו פאַרגלייכן אייער מאַניפעסט צו אונז מיט רינגעל-בלומס בריוו צו אונז, כדי דאָס צו זען.

און ווען מיר האָבן אויסצווויילן צווישן העפלעכקייט צו אַ פרעמדן גרויסן דיכטער און צווישן טרייקייט צו אונזערע גרויסע רינגעלבלומס, וועלן מיר זיך קיין איין מינוט נישט וואַקלען.

מיר וועלן נאך ווערן הארטער ווי פריער, ווייל אונזער פליכט צו אונזערע לעבעדיקע טויטע איז פארמיליאָנענפאכט געוואָרן...

---

י. פיין

# העד מיך אויס

דער בלויער פלאם פון אָוונט - שניי
ברים אפ דעם שפיץ פון מיינע פינגער;
די קראע שרייט א לעצט געשריי,
היינט שטארבט ביי יידן נאך א זינגער.

אויף אלע שוועלן ברענען ליכט,
דער ווינט שפּילט מיט די פלאמען,
איך טראג מיין צאנקענדיק געזיכט,
צום קבר פון א מאמען.

איך פאל מיט פּנים צו דער ערד,
דער שניי צוגייט אויף מיינע אויגן,
פארשנייד מיך גרויסע מערדער - שווערד,
דער לעבנס- קנויט איז טיף פארצויגן...

מיין מויל איז פול מיט אייגן בלוט,
כ׳האב קושנדיק געלאזן פלעקן,
ביקוש היינט דעם שניי און ס׳איז מיר גוט,
דער וואלף וועט מיינע טריט פארלעקן.

א, מאמע מיינע, העד מיך אויס;
טרייב מער מיך ניט איבער דער ערד.
די וועגן זיינען פיל און גרויס,
נאר איך בין בלויז דאך פאר דער שווערד.

די שווערד ווילן די מענטשן האבן,
זי גייט אין קרייז פון האנט צו האנט,
דערפאר לאז מיך דא זיין באגראבן,
ווו כיבין אלס זון געווען באקאנט...

די שנאה פון פארגלייזטע אויגן
האב איך, ווו קריסטוס גוט דערקענט,
ער זיצט בלויז היינט באקוועם זיך אויבן,
און איך גיי אוים פון קריסטן-הענט.

---

# אין קארגע ווערטער (נאטיצן)

## א) א אינטעליגענץ אן א פאלק

פאר אונדזערע אויגן האבן א סך פעלקער — די ליטווינער, די לעטן און די אזיאטישע שבטים און פעלקערלעך פון ראטנפארבאנד — גענומען נאציאנאל בליען. ווי פעלדער, וואס זענען לאנג געלעגן אונטער שווערע שניי-און אייז-דעקעס, האבן זיי גענומען גרינען און בליען ווי נאר דער שניי איז צעגאנגען. איינגעווארצלט אין זייער באדן האבן די רויע פויערים-מאסן גענומען ארויסגעבן פון זיך א גליקלעכע אינטעליגענץ: ווי קליין זי זאל נישט זיין, האט זי א באדן אויף וועלכן צו וואקסן און צו ווירקן.

אבער מיר, יידן? אן א באדן אונטער די פיס, האבן כיר באוויזן א וואונדער איבער וואונדער: נישט נאר מיר לעבן פון דער לופט, נאר מיר האבן געשאפן א קולטור אין דער לופט.

ווי וואונדערלעך עס האט זיך פאנאנדערגעבליט די יידישע קולטור! כיקריג פון אמעריקע ביכער און זשורנאלן. נאך א לאנגער אפוועזנהייט פון דער יידישער ווארט-מלוכה, זע איך און כפיל שארפער סארא שעפערישע כחות מיר האבן ביי אונזער גאנצער ארימקייט! דיכטער, דערציילער און עסייאיסטן, וואס קאנען גייסטיק שפייזן א פילמיליאניק פאלק. אבער ביי יעדער באגעגעניש מיט גייסטיקער רייפקייט און דיכטערישער שעפערישקייט פארקלעמט דאס הארץ ביז טרערן: איך זע פאר זיך אן אינטעליגענץ אן א

פאָלק! פאַר וועמען שאפט די דאָזיקע אינטעליגענץ? פאַר וועמען? א אינטע־ליגענץ אָן א באָדן אויף צו וואַקסן און צו ווירקן — זי דערנערט זיך קינסטלעך און זי ווירקט נישט אויפן לעבן!

די פראגע „פאַר וועמען שרייב איך?“ שטייט שוין פון לאַנג פאַר אונזער אינטעליגענץ. י. ל. גאָרדאָן האָט זי פּאָעטיש אויסגעשריגן, אחר העם האָט זיך מיט איר געמאַטערט, ביאַליק — און וועלכער ערנסטער שעפער אונזערער נישט?

די זעלבע שרייבער, וואָס האָבן זיך געריסן פון געטאָ, האָבן אליין גע־פילט, אז זיי זעגן אונטער דעם בוים אויף וועלכן זיי זיצן: פייערבערג האָט געבענקט אי נאָכן דרויסן, אי נאָך דער היים. און דאָס איז אזוי אומנאָר־מאַל־נאָרמאַל: מיר זענען דאָך געוואָקסן אין א אראַנזשעריע, און יעדע פרישע לופט פון דרויסן איז געווען שעדלעך פאַר אונז. וואָס מער מיר האָבן געאָטעמט מיט דער פולער ברוסט און געשאַפן אַלץ א גרעסערע און פרייערע קולטור, אַלץ מער האָבן מיר אפגעטויט אונזערע וואָרצלען און דעם שטאַם. וואונדערבאַרע לעצטע בליאונגען אויף א אָפּשטאַרבנדיקן בוים!

דער בויב־קרוין האָט אזוי פּרעכטיק געבליט, אז מען האט שוין גע־נומען לאַכן פון י. ל. גאָרדאָנס טרערן. אָבער איצט, נאָך דער קאַטאַסטראָ־פע, איז דער לאַנגזאַמער פּראָצעס פאַרשנעלערט געוואָרן: דער געזינטסטער פון אלע קראַנקע וואָרצלען איז אויסגעריסן געווארן, און דער שטאַם האלט ביים פאלן.

און די אינטעליגענץ זזאָט בולט דערזען דעם לאַנג־געאַנטן שוידער: א אינטעליגענץ אָן א פאָלק — סאַרא שוידער!

אין א אמעריקאַנער זשורנאַל האָב איך געזען א הון, וואָס מען האָט איר אזוי „גליקלעך“ אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, אז איר קערפּער גייט אַרום אויף דער וועלט א „לעבעדיקער“.

די יידישע אינטעליגענץ איז פאַר מיר א שוידערלעך בילד: א קאָפּ אָן א גוף טראַכט, רעדט, שאפט — פאַר וועמען? דער קאָפּ קאָן נישט אַנ־דערש, אָבער ווי טראַגיש! ווי גרוילים!

א פאָלק אָן א אינטעליגענץ איז נישט קיין גוטע זאַך, אָבער א אינ־טעליגענץ אָן א פאָלק איז אזא שוידער, וואָס נאָך די יידישע געשיכטע האָט עס געקאָנט צוטראַכטן. מיר האָבן נאָך איצט אויך 10 מיליאָן יידן

אין אלע סטאטיסטיקעס װעגן יידן, אָבער קיין פּאָלקס־גוף פאר אונזער אינטעליגענץ האָבן מיר נישט.

פאר אונזער אינטעליגענץ שטייט די שװערסטע אויפגאבע אין דער װעלט־געשיכטע: שאפן מיט דער הילף פון װאָרט פון מיליאנען צעדװילטע טיילכעלעך, װאָס לעבן נאר פאר זיך און פאר פרעמדע פעלקער, א געזונטן גוף פאר זייער קאָפּ.

עד זאָל נישט דארפן הענגען געשפּענסטיש אין דער לופטן, נאר א גוף זאָל אים טראגן און ער זאָל אים פירן.

## ב) געגוג, אז פרעמדע לעסטערן...

בעת א יום־טוב־הזכרה־דרשה האָט א רב זיך צעציקלט: „װי גוט עס איז זיי דאָרט געװען צו שטאַרבן!"

װען איך לייען װעגן רבנים, װעלכע האָבן אין פּוילן, בעת די שחיטות, געדרזפן אויפצונעמען דעם טויט, װי די עשרה הרוגי מלכות האָבן דאָס געטאָן, בויג איך דאָס האַרץ און דעם קאָפּ פאר זייער יידיש־מענטשלעכער גרויסקייט, זיי זענען פאר מיר פּונקט אזעלכע ריינע דערהויבנדיקע העלדן, װי די געטאָ־קעמפער.

אָבער די, װעלכע האָבן זיך געטרייסלט פון שרעק בעת עטלעכע אָקאָפּלאנען האָבן באָמבארדירט שאַנכיי, הגם עס האָט העכסטנס געדראָט א באַרמהאַרציקער טויט פון א מענטשלעכער (אין פאַרגלייך מיט די נאַצים!) באָמבע, די דאָזיקע קדוש־השמניקעס אויף יענעמס חשבון זאָלן אויפהערן צו לעסטערן. די 6 מיליאָן טויטע זענען נישט קיין מאַטעריאַל פאר דרשה־איבונגען.

## ג) צו די אויסגאַנג־פּאָזיציעס!...

מען װוּנדערט זיך: שוין נאָכן זיג איבער היטלערן, און די אַנטיסעמיטישע כװאַליע נישט נאָר זי פאַלט נישט, נאָר זי שטייגט?!

ס'איז אָבער אַזוי פשוט: דער היטלעריזם איז צעקלאַפּט אַלס פּאָליטישע מאַכט, אָבער כמעט אַלע היטלעריסטן — אין דייטשלאַנד און אין דער װעלט — זענען געבליבן לעבן. און דער אויסערלעך צעקלאַפּטער, אָבער אינערלעך־לעבנגעבליבענער היטלעריזם, װאָס האָט פאַרלאָרן אַלע

רעראָבערטע לענדער, ציט זיך צוריק צו זיינע אויסגאַנג - פּאָזיציעס, ווי יעדע געשלאָגענע אַרמיי.

די שטאַרקסטע אויסגאַנג - פּאָזיציע זיינע (וואָס גיט אויך דעם גרעסטן פאַרברעכער) איז געווען דער אַנטיסעמיטיזם. און דאָ ציט ער זיך צוריק,—דאָ וועט ער קאָנען קומען צו די כחות. ווער וועט האָבן מוט אנצוגרייפן די דאָזיקע פּאָזיציע? האָט מען דאָך געשוויגן בעת דעם גרויליקן מאָרדן אַ גאַנצן פאָלק בלויז דערפאַר, כדי היטלער זאָל נישט קאָנען פּראָפּאַגאַנדירן: די דעמאָקראַטיעס קעמפן פאַר די יידן!

דער היטלעריזם האָט אויפגעגעבן—אויף אַ צייט—אַלע לאָזונגען, קאָנצענטרירנדיק זיינע כחות בלויז אויפן אַנטיסעמיטיזם אַלס שפּרונגברעט. און דעריבער שטייגט אומעטום די אַנטיסעמיטישע כוואַליע: דער שטראָם וואָס איז פאַרטיילט געווען אויף אַ סך קאַנאַלן, ווערט צוריקגעטריבן בלויז אין איין - איינציקן.

וויל מען וויסן ווו עס באַהאַלט זיך נאַציזם, דאַרף מען זען, ווו עס רירט זיך אַנטיסעמיטיזם. יעדער קלאַפּ אין אַ אַנטיסעמיט, וואָלט געטראָפן אַ נאַציסט.

אָבער דער נאַציזם האָט אויסגעוויילט אַ גוטן מקום מקלט: ווער וועט האָבן מוט דערקלערט צו ווערן אַלס יידן-פריינט, אַטאַקירנדיק זיין אַנטיסעמיטישע פּאָזיציע?

---

## ד) וועגן שטימונגס-פּאַעטן, וואָס מעסטן שטימונגען מיטן אַרשין...

אין „ניו-יאָרקער טאָג“ פון 5טן אַפּריל איז אָפּגעדרוקט געווען י. ראַפּאָפּאָרט אַ קליינער בריוו פון שאַנכיי, וועגן די שטימונגען ביי די פּליטים צום אַ „היימי“-פּאָרן, צו גלות בכלל און צום געדאַנק וועגן אַ אייגענעם יידישן ווינקל, ער האָט געגעבן כמעט אַ לירישן אויסדרוק דין אויפגעבאַפּטע שטימונגען ביי די פּליטים, ווען דער גלות איז מאוס געוואָר נישט טעאָרעטיש-אידעאָלאָגיש, נאָר עמאָציאָנעל.

יעדער גוטער לעזער האָט געקאָנט שפּירן, אַז דערדאָזיקער בריוו האָט קיין מינדסטע שייכות נישט מיט פּראָפּאַגאַנדע.

אָבער אויף צו להכעיס האָט דווקא אַ גוטער לעזער רעאַגירט אויף ראַפּאָפּאָרטס בריוו ווי אויף פּראָפּאַגאַנדע, ד. ה. מיט קעגנפּראָפּאַגאַנדע. דער קאָפּ פון בריוו (וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אויפן וועג פון שאַנכיי קיין ניו-יאָרק פון „שטימונגען ביי די פּליטים" אין „די יידישע פּליכטלינגע פון שאַנכיי רייסן זיך אַלע צו פאָרן קיין ארץ-ישראל") האָט אַזוי שטאַרק אַ שלאָג געטאָן י. מלאַטעקן צום קאָפּ, אַז ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלעכטן לעזער.

איז דאָס אויך אַ פּאַרדרוס, אָבער נישט דער עיקרדיקער. פּאַרדראָסיקער איז אָט וואָס:

אין די אַמעריקאַנער צייטונגען שיקט מען פון שאַנכיי טעלעגראַמעס און בריוו, וואָס זענען בולטע און פּאַרדראָסיקע ליגנס, וואָס אַז מען וועט זיך אַמאָל דערוויסן וועגן דעם, וועט זיין אַ ח ר פּ ה נישט נאָר פאַר די שרייבער, נאָר אויך פאַר די פאַרשווייגער. און דאָך איז י. מלאַטעקן נישט איינגעפאַלן צו פאַרטיידיקן דעם אמת, ווו ער נייטיקט זיך טאַקע באמת אין אַ פאַרטיידיקער, און גראָד אויף י. ראַפּאָפּאָרטס אומשולדיקע שטימונגען האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין אמת-זוכן. איך דערקלער דאָס מיט דעם, וואָס י. מלאַטעק, אלס שאַנכייער פּליט, פילט זיך ווי פערזענלעך באַליידיקט. ער האָט מורא, אַז צווישן די אויסגעשפּראָכענע אַנטי-ציוניסטן, וואָס האָבן פיינט באַקומען דעם גלות, רעכנט ראַפּאָפּאָרט אַריין אויך אים. און ער וויל זיך ריינוואַשן. ער קאָן נים לאָזן פאַלן אויף זיך אַזאַ שאָטן. און כדי די אַרבעט פון רייניקן זיך זאָל זיין עפעקטפולער, פאַרוואַנדלט ער ראַפּאַפּאָרטס דינע שטימונגען אין גראָבע פּראָפּאַגאַנדע - באַהויפּטונגען.

* * *

און איצט צום עיקר. י. מלאַטעק איז אַזוי צופרידן מיט דעם, וואָס י. ראַפּאָפּאָרט איז נישט גערעכט, ווי עס וואָלט אים געשען אַ גליק: די פּליטים ווילן פאָרן קיין ווין, אומעטום, אַבי נישט קיין ארץ-ישראל; זיי האָבן גאָר נישט פיינט דעם גלות, — אדרבא, זיי בענקען נאָך אים. מיט

אין ווארט: י. מלאטעקס פאזיציע איז גוראטעוועט. די אלע אומבארעכנטע
„געציילטע ווערטער“ זענען דורכגעוויקט מיט צעפרעגלטן נחת.

אך פארשטיי פשוט נישט מיט וואס דער קאלעגע מלאטעק טריומ־
פירט. מיט דעם, וואס דער פרעה אין אונז איז נאך גרעסער פארן פרעה
פון מצרים, וואס האט בלויז 9 מאל היכף פארגעסן די מכה, ווי נאך זי
פלעגט אריבער, און מיר פארגעסן שוין די 99סטע מכה (און וואסער
מכה!)? אויב י. מלאטעק איז גערעכט, איז דאך דאס אזא סימן פון
איינגעפרעסטער קנעכטשאפט, אז דורכצוגעבערן איין אויער, לויטן יידישן דין,
איז דאס אויך ווייניק פאר די פליטים; דאס איז דאך אזא נאציאנאלע
טראגעדיע, וואס מען וואלט טאג־טעגלעך בארעכט רייסן קריעה אויף איר,
אבער נישט באהאנדלען דאס פעליעטאנמעסיק, מיט א זעלבסטצופרידענער
מינע (מיט א „פארגענאכעס“, ווי גלארשטיין וואלט געזאגט).

און נאך עפעס. י. מלאטעק איז א דיכטער, א שטימונג־דיכטער, און
דאס לייגט ארויף אויף אים א פליכט נישט צו באציען זיך ווילעריש צו
שטימונגען, ווי א שניט־כוהר, וואס אויב מען קאן דאס נישט מעסטן מיטן
ארשין, איז דאס פאר אים קיין סחורה נישט. עס איז נאך דא אן אונטער־
שייד צווישן פיינט באקומען דעם גלות, צווישן בענקען נאך א דורכאויסיקער
יידישער סביבה און א „דראנג פון אלע יידישע פליטים צו פארן דווקא
קיין ארץ־ישראל“ (דאס איז א זאץ פון מלאטעקס „געציילטע“, הגם
איבעריקע און קרום־שפיגלדיקע ווערטער, וואס דארפן כלומרשט איבערגעבן
דאפאפארטס בריוו).

וואס וואלט א שטייגער געזאגט י. מלאטעק, ווען עס געפינט זיך פונקט
אזא קלוגער סקעפטיקער ווי ער, מיט א רעאליסטישן ארשין אין דער האנט,
און ער פרעגט אים: „חבר מלאטעק, אט האט איר געשריבן אין דער „צו־
קונפט“, אז עס האט זיך אייך, פארן באקומען די „צוקונפט“, נישט גע־
וואלט לעבן. פע, ווען דערציילט איר דאס, איך בין דאך אויך א
שאנכייער און כ׳האב געזען, אז איר האט גאנץ געשמאק געלעבט“. נישט
נאר מלאטעק, נאר אויך איך וואלט געווען געזאגט אזא קריטיקער, אז מען
קאן מיט אזא מאס נישט מעסטן קיין שטימונגען. שטימונגען זענען לײדער
(ארער גאט צו דאנקען) אזא זאך, וואס פארווירקלעכן זיך נישט אפט אין
קאנקרעטע מעשים. באזונדערס איז דאס ריכטיק וועגן דעם איידעלערן מין

שטימונגען. בלויז איין מענטש אין שאנכיי האט זיך גענומען דאס לעבן, ווען ער האט זיך דערוווסט, אז זיינע עלטערן זענען דורך די צווייפיסיקע היענעס פארברענט געווארן. איז דעריבער קאן מען שוין אפלייקענען, אז הונדערטער און אבער הונדערטער מענטשן האבן געפילט און פילן אפטמאל אן עקל צום לעבן, אן אפהענטיקייט צו לעבן?

מען קאן עסן, גיין אין קינא, טרינקען אויף באנקעטן, קריגן זיך וועגן נארישקייטן און דאך זאל בעת מעשה אדער אין דער צווישנצייט עגבערן דער געראנק און דאס געפיל: נישטא צוליב וואס צו לעבן. עס מוז נישט — אבער עס קאן.

דער מענטש איז שוואך. אייך, קאלעגע מלאטעק, איז דאס לעבן גע-ווארן איבערדריסיק, הגם איר האט לויט אלע אויסערלעכע סימנים געלעבט; פארוואס-זשע איז אייך אזוי פרעמד דער געדאנק, אז א מענטש קאן פיינט קריגן דעם גלות, בענקען נאך א יידיש לאנד און דאך געשטופט ווערן פון שוואכקייט אדער פון געוווינהייט אדער פון דער ווירקלעכקייט קיין ווין, קיין קאנאדע, קיין אויסטראליע? איר זענט קיין שאנכיי אויך געפארן, הגם איר האט געוואלט פארן ערגיץ-אנדערש, און איר זענט נישט איינמאל געזעסן אין קינא אויף נארישע בילדער (און נאך אפשר מיט א נארישער מיידל ביי דער זייט) און אייער הארץ האט געבענקט צו זיין אין א אנדער ארט, מיט אנדערע צוזאמען.

מיר זענען גוט באקאנט די ספאנטאנע שטימונג-אויסברוכן, וועגן וועלכע י. ראפאפארט רעדט אזוי דיסקרעט. איך האב אויך געהערט א יונגען דייטש-יידישן יינגל, א דערצויגענעם אין דייטשלאנד, א ווייטן ביז איצט פון יידן, אויסרופן מיט פאנאטישן גלויבן און פאנאטישער פאראכטונג: „איך פארשטיי נישט ווי נאך דעם אלעם קאן מען וועלן פארן ערגיץ אנ-דערש, ווי קיין א"י! א י ך קען נישט אנקוקן קיין גויים. בעסער שטארבן אין קאמף אין א"י, איידער לעבן אלס קנעכט אין גלות". אט אזעלכע אויסברוכן זענען די בעסטע עדות פאר דער עקזיסטענץ פון די שטימונגען, וועגן וועלכע י. ראפאפארט רעדט. און עס איז גענוג צו זען דעם אויסדרוק פון די, וועלכע באטראכטן די קינא-בילדער פון ארץ-ישראל, די פראפאגאנדע-פאטאגראפיעס פון פאלעסטינע-אמט, כדי צו

ווים, אז די שטימונגען פון י. ראפאפארטס בריוו זענען נישט אויסגעטראכט. און עס איז גענוג צו הערן, ווי א פליט, נישט קיין ציוניסט, זאגט: „הלואי זאל איך דעם סערטיפיקאט באקומען פריער ווי דעם אויסטראליער פערמיט", כדי צו זען, אז אויב עס איז נישטא קיין פאנאטישער דראנג קיין א"י, איז א שטימונג פאר א"י זיכער דא. און דיזיקע שטימונג איז א שטימונג נישט דווקא צו א"י, נאר צו א יידיש לאנד, פונקט ווי דער אומווילן צום גלות איז נישט צו א באשטימט לאנד, נאר צום גלות אלס באגריף פון זיין צווישן פרעמדע, וו דאס זאל נישט זיין.

לייקענען דאס, הייסט זיין טויב פאר לעבעדיקע שטימונגען, פאר קנאספנדיקע שטימונגען. דאס איז א שווערער מום פאר יערן, בפרט פאר א שטימונגס - ריכטער.

## ה) די מאזאכיסטישע וועלט

נישט אנדערש, די וועלט איז מאזאכיסטיש. די בייטש האט נאך נישט באוויזן ארויסצופאלן פון דעם נאציזמס הענט, און מען שטופט זי אים שוין צוריק מיט א קרענקלעך-תאווהדיקער צארטקייט: נא, מיין טייערער, שמארק זיך און שמיים!... שמיים! אך, ווי גוט עס איז געווען!...

און דער אויף איין מאמענט אפהענטיק-געווארענער נאציזם ווערט פון מינוט צו מינוט האפערדיקער.

כדי צו צייכענען דאס געשפענסטיש בילד, וואס די וועלט שטעלט היינט פאר מיט זיך, וואלט מען באדארפט האבן א צווייטן קארל קראוז מיט זיין פלייס און טאלענט, וואס זאל שרייבן א צווייטע, טויזנטפאך-פארבעסערטע אויפלאגע פון זיין געשפענסטישן „די לעצטע טעג פון דער מענטשהייט".

אין לאנדאן איז פאפולער דאס לאזונג-פארל: „הייל מאזלעי! יהודה קרעפיר!".

בערלין וועט מיט רעכט זיין אויפגערעגט: פארוואס מעג מען אין לאנדאן דאס, וואס אין בערלין איז פארבאטן?

און די גערעכטע מיליטער-הערשאפט וועט זיכער אין גיכן פסקענען:

„אויב דער זיג איבער היטלערס „יהודה, קרעפיר!“ קאן געפייערט ווערן אונטער די קלאנגען פון מאזלעיס „יהודה, קרעפיר!“, דארף דער „הייל היטלער!“ צוריקגעגעבן ווערן דעם דייטשישן פאלק.

און דערווייל איבט זיך דאס דייטשישע פאלק אנצוהויבן צוריק די אזוי ברוטאל און אנטי־דעמאקראטיש איבערגעריסענע ארבעט. עס קלינגען דינאמישע ווערטער: „עס מוז תיכף צוריקגעשטעלט ווערן דייטש־לאנדס ווירטשאפטלעכע איינהייט“; „דאס דייטשישע פאלק איז גרייט צו באזייטיקן אלע שטערונגען, כדי צו דערגרייכן דאס דאזיקע ציל“; „יונא מוז געבן יעדע מעגלעכע סאציאלע, ווירטשאפטלעכע און פאליטישע הילף“ און אז. וו. דאס איז אָפן, — היינט שטעלט זיך פאר וואס עס טוט זיך אין געהיים אונטער דער דעמאקראטישער אליאירטער נאז, פאר וועלכער די דייטשן האבן שוין איינמאל אזוי גוט ארומגעפירט די זיגער.

דאס איז א טייל פון דער דערציונג, פון דער פרייער דערציונג: מען וויל דייטשלאנד ווייזן ווי גוט דעמאקראטיע איז. און די דייטשן זעען טאקע נאך אמאל איין, ווי גוט דעמאקראטיע איז פאר זיי, ווען זיי זענען שוואך, כמעט אזוי גוט ווי דיקטאטור איז פאר זיי, ווען די דעמאקראטיע מאכט זיי שטארק.

מען דערציט די דייטשן צו היטלערס אידעאל: דיקטאטור פון דייטש־לאנד לגבי דער וועלט און דעמאָקראטיע מצד דער וועלט לגבי דייטשלאנד...

דער חנוכת הבית פון פערטן רייך וועט נישט לאָזן אויף זיך לאנג ווארטן. און אויסגעשטאט דורך „יונא“ מיט אלעם נייטיקן, וועלן די קליינע נאציס אויסוויילן א גרויסן פירער און אַוועקלאָזן א טרעבלינקע אויף אַטאָם - ענערגיע.

און די גאנצע וועלט וועט דאן באגרייפן ווי גוט עס איז דעמאָקראטיע אָנגעווענדט אויפן ריכטיקן פלאץ לגבי די ריכטיקע פערזאָנען...

אָבער דערווייל באגרייפט עס נאָך נישט די וועלט, און מען קאָן זי נאָך — אין דער צווישנצייט — פארפירן (ס'איז דאָ אין אונזער געבענטשט וועלטל אויך אַזאַ זאַך ווי גייסטיקער מאזאכיזם). און אין דער פארפירערישער סערענאדע שפילט אַ הויפטראל דער פויפסט מיט זיינע קארדינאלן (אויך די דייטשישע, וועלכע עפענען ברייט די אָרימס פאר די „קליינע“ נאציס אין זייערע אייגענע רייען ווי ד, באלשעוויקעס). זיי קלאָגן

/

אויפן גורל פון די דייטשן אין דער רוסישער זאָנע. פון 2 ביז 4 טויזנט דייטשן שטאַרבן דאָרט וועכנטלעך אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן; הונדערטער טויזנטער — אויב נישט מיליאָנען — דייטשישע קריגסגעפאַנגענע ווערן גע-צוואונגען צו שקלאַפן - אַרבעט; פרויען און מיידלעך ווערן ברוטאַל פאַר-גוואַלדיקט. און דער פויפסט איז מודה: „נאָר די קירכע האָט קראַפט אויפצוהויבן איר שטים פאַר דער וועלט".

אויב שוין יאָ אַזוי, טאָ פאַרוואָס האָט די קירך נישט אַרויסגעגעבן איר מעכטיקע שטים בעת הונדערטער טויזנטער פלעגן אומקומען וועכנטלעך אין די דייטשישע קאָנצענטראַציע - לאַגערן? ווו איז געווען די קירך, ווען 8 מיליאָן יידן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שקלאַפן, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזעלכע רעכטלאָזע נישט געזען אפילו אין אַלטערטום ביי די ווילדסטע פעלקער?

איך וויים נישט צי דעם וואַטיקאַנס ציפערן און פאַקטן זענען ריכטיק, אָבער איין זאַך ווייס איך אויף זיכער, אַז די שטים, וואָס די קירך הויבט אויף, איז נישט די שטים פון באַרמהאַרציקייט און רעליגיעזן מסירת נפש, נאָר פון פאָליטיק און צביעות. אויף צו מאָרדן אַביסיניער האָבן די זעלבע קאַרדינאַלן געשענקט זייערע גאָלדענע קרייצן, ביים אויסמאָרדן דאָס יידישע פאָלק האָט די קירך געשוויגן (און זי פאַרגיט איצט די זינד פון אַלע קאַ-טוילישע נאַציס), אָבער איצט איז זי פול מיט רחמים צו די נאַציס. ניין, דאָס איז נישט פון צו פיל רחמנות, נאָר פון צו פיל נאַציזם.

צום באַרויערן ספק איך אין די וואַטיקאַן - ידיעות: אויך די רוסן גלעטן די „קליינע" נאַציס, אָבער אויב עס איז יאָ ריכטיק, וואָלט א יושר געווען איבערצוגעבן גאַנץ דייטשלאַנד אין די הענט פון די רוסן.

זאָל כאָטש געטאָן ווערן איין פּראַצענט גערעכטיקייט...

למען האמת מוז מען זאָגן, אַז אויך מיר זענען נישט אינגאַנצן ריין פון פאַרשוועכן די גערעכטיקייט און די מאָראַל.

אין „אונזער צייט" (ניו - יאָרק) פון פעברואַר, 1946, אין עמנואל נאָוואָגרודסקים אַרטיקל: „די נייע אויסערן פּאָליטיק פון סאָוועט - רוסלאַנד" געפין איך אַזעלכע סקאַנדאַליעזע שורות: „...הגם איך קען נישט רואיק הערן וועגן דייטשן און דייטשלאַנד..., ווייס איך אָבער, אַז דער אופן ווי

אזוי די זיגער האָבן זיך נוהג געווען לגבי דעם דייטשן פאָלק האָט נישט די מינדסטע שייכות מיט װעלכער נישט איז סאָציאַליסטישער מאָראַל..."

ערשטנס, וואָס הייסט „סאָציאַליסטישע מאָראַל?" איז דען דאָ אַן אַנדער מאָראַל? אפשר אַ קאַפּיטאַליסטיש - אימפּעריאַליסטישע? מיט וועלכער מאָראַל האָט די הנהגה פון די זיגער יאָ אַ שייכות? זי האָט נישט קיין שום שייכות מיט קיין שום מאָראַל, וואָס איז בלויז איינע!

עס איז נישט מאָראַליש וואָס די באַזעצונג פון דייטשלאַנד איז נישט באַגלייט געוואָרן דורך אַ רייניקונגס - פייער, וואָס זאָל צום יאָרטאָג פון היטלערס מפּלה האָבן באַפרייט די וועלט פון אַ ל ע גרויסע און קליינע נאַצים, פון דיראָזיקע ווילדגעוואָרענע היענעס אין פּשוטסטן זין פון דאָזיקן וואָרט.

מיינען אַנדערש הייסט שענדן די מאָראַל. און כ׳האָב מורא, אַז עמנואל נאָוואָגרודזסקי מיינט אַנדערש. און דאָס עמפּערט ביי יעדן, בפרט ביי אַ יידן: וואָס האָבן די זיגער געטאָן די דייטשן שלעכטס, וואָס דאָס שטימט נישט אוש מיט דער סאָציאַליסטישער מאָראַל? פאָרערט טאַקע די סאָציאַליסטישע מאָראַל, אַז די נאַצים זאָלן אַרויסגיין פון זייער פאַרשפּילטן אַלוועלטלעכן קאָפּ - פּוטש אָן פאַרלוסטן, ווי זיי זענען אַרויס פונם פאַר-שפּילטן לאָקאַל-דייטשישן קאָפּ - פּוטש?

די אויפפירונג לגבי די דייטשן איז נישט מאָראַליש, ווייל זי איז משונהדיק מילד. און פאָרערן שטרענגקייט איז אין הסכם מיט דער מאָראַל. זאָגן אַנדערש — הייסט גייסטיק קאַפּיטולירן פאַר די נאַצים. דאָס טוט דאָך שוין אבער די גאַנצע וועלט — צוואָס זאָלן מיר זיך אויך שטופּן אויפן דאָזיקן אַנטימאָראַלישן יאַריד?

און אַז מען האַלט שוין ביי יידישער היפּערפיינקייט לוינט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן ערגסטן פאָרוואורף לגבי אונז אין דאָזיקן געביט.

שטרייכער האָט דערקלערט אין נירנבערג, אַז מען האָט אים געפּייניקט, און אַז צום פיינסטן האָבן זיך צו אים באַצויגן די יידישע אָפיצירן.

איך האָב מורא, און כ׳וויל האָפן, אַז שטרייכער זאָגט אויך דאָס מאָל ליגן. וואָס שייך פּייניקן אים, זאָגט ער, אַז מען האָט אים געטאָן דאָס, וואָס ער האָט געטאָן אַנדערע, און וואָס שייך די יידן, ווייל ער צום לעצטן מאָל

אויסנוצן די גלעגנהייט, כדי זיי צו דערנידעריקן: נאָט זעט סאַרא קנעכ-טישע נשמות ייִדן האָבן — אַפילו אויף שטרייכערן האָבן זיי מיטלייד!

אויב אָבער ער זאָגט דאָס מאָל אמת, איז וואָס מען האָט אים גע-פייניקט, זאָל אים וויל באַקומען, דעם נאַצישן שטשור, אָבער דער ייִדישער רחמנות אויף שטרייכערן באַליידיקט מיך אַלס ייִד און מענטש.

דאָס איז נישט קיין באַרמהאַרציקייט, נאָר קנעכטישער וועלן זיך אויספיינען, קנעכטישער שרעק אַפילו פאַרן געפאַלענעם האַר.

בפרט, אַז דער האַר איז נאָך גאָר נישט געפאַלן. ער האָט זיך בלויז אַביסעלע אויסגעגליטשט און מען העלפט אים זיך שוין אויפהויבן פון אַלע זייטן, פון מערב און פון מזרח.

פון פראַנקפורט קומט די זיכערסטע ידיעה.

די דייטשן האָבן ווידער גענומען שענדן ייִדישע בית-עולמס.

אין **1924** איז געווען אַ כוואַליע פון בית-עולם שענדונגען. אין ריגער „דאָס פאָלק" האָב איך דאַן געשריבן פאָלגנדעס (ציטיר פון זכרון): מענטשן, וואָס זענען פעיק צו שענדן מתים, זענען אַזוי אומהיילבאַר פאַר-ווילדעוועט, אַז מען קאָן פון זיי דערוואַרטן אַ ל ץ. ווען די וועלט וואָלט נישט געהאַט פאַרלאָרן איר ריכטיקן אינסטינקט, וואָלט זי דאָס מתים-שענדערישע דייטשלאַנד אַרומגענומען מיט אַ קאָרדאָן, ווי אַ טשאַטע משו-גענע וועלף, און געשאַסן יעדן איינעם, וואָס וואָלט זיך דערוועגט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט.

די וועלט האָט אָבער נישט נאָר דאַן נישט געשפּירט, אַז די, וואָס שענדן מתים, מוזן שענדן לעבעדיקע, נאָר אויך היינט, נאָך דער גאַנצער דערפאַרונג, מאַכט זי זיך נישט וויסנדיק. אויך נאָך די היינטיקע מתים-שענדונגען וועט מען נישט שיסן. מען וויל די מתים-שענדער דערציען! און אפשר איז דאָס גאָר אַן אויסרייד פאַרן נישט שיסן. מען וויל דערציען מענטשן-היענעס צו דעמאָקראַטיע (ד. ה. צו מענטש-אַכטונג) דורך באַ-ציען זיך דעמאָקראַטיש צו זייערע שענדונג-איבונגען.

דייטשן שענדן ווידער מתים! ציטער, אייראָפּע! ציטער, וועלט! די מענטשנשענדער איבן זיך צו דער דריטער רונדע.

מען לאָזט זיי רואיק זיך איבן, ווייל דאָס זענען דאָך בלויז יידן-מתים! אָבער ווען די מהיב-שענדער וועלן איבערגיין פון איבונגען אויסצואיבן זייער פאַך, וועלן זיי געפינען ווייניק יידן.

אַנדערע וועלן זיי מוזן פאַרבייטן; ווייל די קרעמאַטאָריומס און די מאַידאַנעקס וועלן נישט שטיין אויסגעלאָשן.

אָט איז אין אַ צייטונג געווען אַ ידיעה, אַז בעת מען האָט געוויזן אין אַ קינאָ אין דער ענגלישער זאָנע בילדער פון מאַידאַנעק (כּדי איבערצו-דערציען די היענעס), האָבן זיך די היענעס אויפגעשטעלט (פאַר זייער אָפּ-גאָט—די מאַידאַנעק-פלאַמען) און געפּאַטשט בראַוואָ.

און אַ אייראָפּע, וואָס האָט נישט ארומגערינגלט, לכל הפּחות, דעם קינאָ, און נישט אַוועקגעפירט די בראַוואָ-פּאַטשער קיין מאַידאַנעק, פאַרדינט דאָס, וואָס יידן האָבן געהאַט נישט-פאַרדינטערהייד.

פּאַטשן בראַוואָ ביים זען מאַידאַנעק און דערנאָך גיין אַהיים און זיך קלאָגן אויף דער עוולה, וואָס מען גיט זיי ווייניק קאַלאָריעס!

אויב מען האָט זיי נישט געפירט קיין מאַידאַנעק, כּדי צו זען ווי זיי פּאַטשן בראַוואָ דאָרט, אין די הזיונס, איז די וועלט באמת אַרער אַ משוגעים-הויז אָדער אַ פאַרברעכער-אַנשטאַלט.

די בראַוואָ-פּאַטשער זענען דאָך נאָך ערגער פאַר די מאַידאַנעק-הייצער!

און די, וואָס גלעטן די בראַוואָ-פּאַטשער, זענען נאָך ערגער פאַר זיי. גאָט, ווו וועט דיין יידיש פאָלק נעמען כּח צו וועלן לעבן אין אַזאַ וועלט!?...

ווייל קיינער וועט אונז נישט איינריידן, אַז דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס די וועלט פאַרמאָגט אַסך רחמנות; דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס די וועלט פאַרמאָגט אַסך נאַציס און אינדעפערענטע צו פאַרברעכנס, וועלכע מען באַגייט לגבי אַנדערע...

און כּדי צו דערגאַנצן דאָס דאָזיקע בילד:

דאָס עסטרייכישע פאָלק, וואָס האָט זיך אַזוי שנעל אַריינגע-פּאַסט אין דריטן רייך, אַז די יידן פון ווין האָבן מקנא געווען די יידן פון בערלין, איז איצט זעלבשטענדיק. אויס כּלה און ווידער מויד: אויס אַ

שטיק מיאוס נאצי-דייטשלאנד, און ווידער א קריסטלעך-סאציאל לענדל מיט א פרום פנימל און א טעווטאַניש פאלש און אומפארשעמט האריץ.

מען וואלט געקאָנט אסך ריידן וועגן דאָס דאָזיקע עסטרייכל, אבער עס איז גענוג אן „אומשולדיקער" קאמוניקאט פון דער עסטרייכישער רע-גירונג.

די רעגירונג דערקלערט, אז בימי היטלער האט מען אין וויין צוגערויבט ביי יידן 60 טויזנט וווינונגען. כדי צו לייזן די וווינונגס-פראבלעם פון די פארבליבענע יידן, זענען נויטיק 1600 דירות. אבער עס איז זיי שווער צו באקומען און די יידן ווינען אין שרעקלעכע באדינגונגען.

ער כאן דער לשון פונם קאמוניקאט.

פארענדיקן אים וועלן שוין מיר: צונעמען 60.000 דירות איז זיי לייכטער געווען, ווי אפצוגעבן 1600. גיי רייס ארויס ביי א הונט א פיצל פון א ביין, וואס ער האט א כאפ געטאן.

עס איז גענוג איבערצולייענען דעמדאזיקן נ דערטערכטיקן קאמוניקאט און זיך דערמאנען, אגב, ווי זיי האבן פראטעסטירט קעגן אביסל מער קא-לאריעס פאר די יידן, ווי זייערע סאציאליסטן מאכן א חשבון, אז יידן האבן פארלארן בלויז א 6סטל פון אלע נאצי-קרבנות, כדי מען זאל וועלן א טרעט טאן אויפן דאזיקן הויפן פרעכהייט און שאנד און עס צעקוועטשן, ווי א גרויסע משפחה וואנצן.

פון 60 טויזנט דירות צוריקגעבן 1600 קענען זיי נישט, אָבער זייער געפיל פון גלייכהייט איז געקרענקט פון די פאר הונדערט קאלאריעס מער וואָס די יידן,—וועלכע זיי, די אראָלף דאָלפוסלעך, האבן אויסגעהונגערט און אויסגערויבט און אויסגעמארדעט—באקומען פון דער „אונרראַ".

און צו אזעלכע איז מען מילד. דאָקעגן צו די קרבנות, די צופעליק געבליבענע—איז מען פול מיט מידת הדין.

צוויי גראטעוועטע פון מאידאנעק גיבן א קלאפ א דייטשקע — צו יאר תפיסה; צוואנציק יידן, וואָס האָבן געמאכט א צוזאמענלויף ביי א קלאנג, אז דייטשן האָבן געהרגעט יידן (מען דארף דאך זיי פארשטיין!)—צו יארן תפיסה. איז א וואונדער, וואָס אין די לאגערן—אפילו אונטער דער ענג-ליש-אמעריקאנער הערשאפט—זענען שוין פיל געמארדעט געווארן דורך

אוקראַינער, פּאָלאַקן און אַנדערע נאַצי-העלפער, ווי אויך דורך דער דייטשישער פּאָליציי? און די ראַזיקע לעצטע מאָרדן זענען אויך געבליבן אומבאַשטראָפט: דאָס איז דאָך נישט אַ קלאַפּ טאָן אַ דייטשקע, דאָס איז דאָך נישט קיין צוזאַמענלויף געגן די דייטשן אין לאַנדסבערג.

אַ משוגעים-הויז אָדער אַ פאַרברעכער-אַנשטאַלט?

## ז) דאָס הארץ לאָזט נישט...

אין פאַריקן זאַמלהעפט „אונזער וואָרט" איז געדרוקט געווען אַ נאָטיץ „פאַרוואָס?" איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס באַטייליקט זיך נישט דאָס שאַנ-כייער רייכע יידנטום אין דעקן דעם נאַציאָנאַלן היזק כאָטש בלויז פון דער מאַטעריעלער זייט? פאַרוואָס העלפט מען נישט די יתומים?

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָכן דערשיינען פון „אונזער וואָרט" (איז דאָס געווען אַ צופאַל?) איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אַקציע פאַר די יתומים. די אַקציע איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן: פון אַ „יזכור" מיט דרשות און פון אַ געלט-זאַמלונג. איז דער „יזכור" אויסגעפירט געוואָרן. מען האָט געוויינט און געריערט בטלנות („האָט מען באַדאַרפט דאַוונען", ד. ה. וואָלט דאָס דאָן נישט געשען, אָט, למשל, אין שאַנכיי האָט מען געדאַוונט איז געווען „אַ קעיי"...). הערן דרשות און וויינען קאָסט קיין געלט נישט. אָבער מיט דער צווייטער טייל פון דער פּראָגראַם גייט צו שווערלעך: מען קלייבט און מען קלייבט און מען קאָן נישט דערגיין וויפל: מען שעמט זיך אויסצוזאָגן, זאָגן יודעי חן...

אין שאַנכיי איז דאָ אַ כלל: ווייל מען מאַכן געלט, מוז מען מאַכן אַ גוטע וועטשערע, ווײַ מען כאָטש פאַר וואָס מען צאָלט... אז מען מאַכט אָבער אַ הזכרה — זאָל ער נאָך צוצאָלן פאַר די אייגענע טרערן?

ווער-ווער, דער וויינער ווייס דאָך וויפל זיינע טרערן זענען ווערט...

זעט טאַקע אזוי אויס דער צאָלן...

אַז דאָס האַרץ איז נישטאָ ביים וויינען, לאָזט עס נישט עפענען די קעשענע...

## ז) די" קללה פון מאכט

די כאראקטעריסטישסטע אייגנשאפט פונם נאר וואס פארענדיקטן קאנגרעס פון דער לייבאר-פארטיי אין ענגלאנד באשטייט אין דעם, וואס אן א שיעור אריינגעטראגענע רעזאלוציעס האט מען צוריקגעצויגן. מען האט זיי נישט אפגעווארפן,—חס ושלום!—נאר צוריקגעצויגן.

וואס פארא רעזאלוציעס זענען דאס געווען?

מען האט צוריקגעצויגן די רעזאלוציע וועגן אפשאפן דעם „ווייסן פאפיר" און וועגן יידישער אימיגראציע קיין פאלעסטינע; מען האט צוריקגעצויגן די רעזאלוציע וועגן אינטערנאציאנאליזירן דעם וויסן פון דער אטאם-ענערגיע; מען האט צוריקגעצויגן א רעזאלוציע, וואס האט געפאדערט פעסטצושטעלן, אז די אטלאנטישע כארטיע איז גילטיק אויך פאר פעלקער מזרחדיק פונם סועץ-קאנאל, ווייל טשורטשיל האט געזאגט, אז פאר די דאזיקע פעלקער איז די אטלאנטישע כארטיע נישט גילטיק (ריכטיק ווי פאר די אנדערע איז זי יא גילטיק!).

און נאך אזעלכע ענלעכע רעזאלוציעס, ד. ה. אלץ אזעלכע, וואס העלפן טאקע דער מענטשהייט ווי באבעסקע רפואות, וועלכע מען נעמט נישט איין, אבער שעמען זיך מיט זיי איז זיך נישטא וואס. פארוואס-זשע האט מען זיי צוריקגעצויגן?

אין דאזיקן קליינעם פאקט פון צוריקציען די רעזאלוציעס ליגט דער אנהויב פון דער גרויסער טראגעדיע פון דער לייבאר-פארטיי, אדער ריכטיקער: נישט אזוי פון איר, ווי פון די, וועלכע האבן געהאפט אויף איר.

ביז מיט א יאר צוריק האט קיינער דער לייבאר-פארטיי נישט געשטערט אנצונעמען די פרומסטע רעזאלוציעס, זי איז געווען אין אפאזיציע, און דערצו נאך א סאציאליסטישע, און במילא האבן אין אירע רעזאלוציעס געפונען א מקום-מקלט אלע שענסטע אידייען און אלע באעוולטע און באליידיקטע. בעווין אליין האט פאר זיין קומען צו דער מאכט דערקלערט אויף א לייבאר-קאנגרעס, אז ער וועט אפשאפן דעם ווייסן פאפיר.

אָבער איצט איז בעוזין אַן ענגלישער מיניסטער און די לייבאָר-פּאַרטיי רעגירט מיט ענגלאַנד. בעווין האָט זיין צוזאָג צו אַנולירן דעם שענדלעכן ווייסן פּאַפּיר שענדלעך פאַרראַטן. איז זאָל ער ווייטער לאָזן אָננעמען אַ רעזאָלוציע וועגן יידישער אימיגראַציע קיין פּאַלעסטינע? אָדער וועגן אינטערנאַציאָנאַליזירן די אַטאָם-ענערגיע? אָדער קעגן אימפּעריאַליזם אויף מזרח-זייט פון סועץ? אָדער קעגן נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען גוט פאַר אַ סאָציאַליסטישער אָפּאָזיציע, אָבער נישט פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעגירונג, וואָס רעגירט מיט אַ גרויסער אימפּעריע?

אינם צוריקציען די רעזאָלוציעס איז דאָ אַ באַהאַלטענער מודה זיין זיך: „בּרידערלעך לייבאָריסטן! הערט אויף מיט די שיינע ווערטער, — איר זענט מער נישט קיין סאָציאַליסטישע אָפּאָזיציע, נאָר אַ רעגירונג, וואָס קאָן נישט זיין סאָציאַליסטיש. שוין גענוג זיך קאָמפּראָמיטירט מיטן צוזאָג צו באַזייטיקן דעם „ווייסן פּאַפּיר“, — קאָמפּראָמיטירט אונז מער נישט מיט קיין רעזאָלוציעס!“

און די רעזאָלוציע-דערווערגער זענען גערעכט. ס'איז גענוג די שטומע קאָמפּראָמיטאַציע פון די מעשׂים — צו-וואָס נאָך די שרייענדיקע קאָמפּראָמיטאַציע פון פייערלעך אָנגענומענע רעזאָלוציעס?

די לייבאָר-פּאַרטיי איז אַרויפגעטראָטן אויפן וועג פון מאַכט, — אויפן וועג, וואָס האָט שוין נישט איינמאָל געמאָרדעט אין משך פון איין יאָר רעזאָלוציעס פון יאָרצענדליקער.

די לייבאָר-פּאַרטיי הויבט זיך אָן צו פאַרראַטן און זי האָט מורא פאַרן שאָטן פון אירע אייגענע לאָזונגען.

די קללה פון מאַכט!

**נאַבאַדי**

---

י. פיין.

# א י ד

איך פילט, אז איך דארפט ליידן פאר ווארשע און לובלין,
נאָר ס'ליידט זיך ניט און איך שטראפט אנדערע דערפאר;
דאָך ס'וואָרט פון זאטע קריכט, ווי א גרויסע שפין,
און מיט די שפינען שפילט זיך בלויז דער אויסוואורף און דער נאר.

א פאָלק איז אויסגעברענט פאר אייער אויג געוואָרן,
ס'איז אייער פאָלק, צי קענט איך דאָס פארשטיין?
פארלאָשן איז אין אלע וועלטן דער ברענענדיקער דארן,
און איך קומט אלץ נאָך אויף באנקעטן מאכנעסוויז צוגיין.

איך פוצט די שיך, גלעט אוים די טונקעלע קראוואטן,
און איך באשמירט מיט אייל די גרויע קופקעס האר,
נאר קיינער זעט ניט אויפן וואנט דעם הענגנדיקן טאטן,
און קיינער זעט ניט, אז נאָך אים קומט נישט קיין נייער דור.

איך לאכט און זינגט, די נאכט זיצט אין די שויבן,
פארקוקט מיט סאווע אויגן אין רויטע פלעשער וויין;
ס'וויל יעדער איינער דער צווייטער זאָל אים גלויבן,
נאָר זיך אליין, נאָר זיך אליין רעדט קיינער מער ניט איין.

דאָס אש פון טויטע איז שווער אייך צו דערטראָגן,
דאָס בלוט פון לעבנדע קענט איך ניט מאכן זינגען,
דאָס ערשטע און דאָס לעצטע וואָרט וועט איך ניט זאָגן,
ווי וועכטער פאר א פרעמדן הויז וועט איך מיט שליסלען קלינגען.

לאזט מיך דעם פרעמדלינג אין אייער הויזטיר ניט. אריין.
פון מיר טראָגט זיך א ריח פון טשאַד און בלוט,
איך קען ניט אנטדיפן, ווי א רפואה טראפנס פיין,
און האָב צו שטארבן מער, ווי איך צו לעבן מוט.